עס וואָלטן שטאָט תפילה זיך ווערטער צעבריען
אין פליסטער: — מיר האָבן געזען,

צוויי ייִדן אין קלויסטער, ברידערלעך אַריער,
אַ פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט.
זיי האָבן דאָס בילד פון דער הייליקער מאַריע
און געטלעכן יעזוס געשענדט! —

און כאָטש כ׳וואָלט גערעדט אַלץ פון וועג צום גן־עדן,
פון ערדישן קעניגרײַך,
וואָלטן זיי אַלע שוין קעגן אונדז ביידן
געהויבן די הענט אין דער הייך.

און כאָטש כ׳וואָלט גערעדט אַלץ פון ליבע און חסד
און מיר וואָלטן זיי ביידע געבענטשט,
וואָלט צווישן זיי אויפגעבליצט שוין אַ מעסער
קעגן דעם וואָס אין אונדז איז — דעם מענטש.

ביז ס׳וואָלט דער פויפסט צו מיר אונטערגעקומען
און געזאָגט צו מיר: — מרים, פאַרשטיי,
ס׳איז בעסער פאַר דיר אויפן בילד צווישן בלומען
איבער די לײַכטערס די צוויי.

און דער קאַרדינאַל וואָלט זיך געווישט זײַנע טרערן:
— דעם בחורל דײַנעם אַ שאָד,
ווער וועט מיט אים שפּרײַזן, ווער וועט אים דערהערן,
אַ ייִדישן בטלן אין שטאָט?

און דער בישאָף געזאָגט וואָלט מיר: שקר און כזב
איז זײַן תורה קעגן אַ פויסט.
אַ וויסטער פאַרצוקער ווערט ס׳לעמעלע עשו,
ווען יעקבל צווישן אים הויזט.

און געזאָגט וואָלט אַ גלח מיט קול מיט באַקאַנטן:
— ווען ער אַליין שטומט אויפן קרייץ,
איז ווערט אונדז זײַן תורה גאָלד און בריליאַנטן
און דײַן יאָמער דאָס האַרץ אונדז פאַרפלייצט.

און דאַן וואָלט צעטראָגן זיך אום מיר אַ שוידער,
ווי ס'שוידערט אַ קוסט ביי אַ קוסט
און ס'וואָלט דער המון ווי אַ וואַלד זיך צעהוידעט
און געריסן דאָס קינד פון מײַן ברוסט:

— וואָס ברענגסטו אונדז אָנעט? בלויז נאָך אַ קאַפּאָטע.
פאַראַן זיי געננוג ווײי און ווינד.
גיב אונדז צוריק אונדזער מת פון גאָלגאָטע,
דעם קרבן פאַר אונדזערע זינד.

און דעמאָלט דערזען כ'וואָלט אַ צלם, אַ תליה
און צו ישון געגענט וואָלט די פויסט.
און דאָס פאָלק וואָלט געפאַלן אַרום אויף די קני׳ען
צעתפילהט, אַנטציקט און צעברויזט.

און איך וואָלט געוואָרן צוריק אַן איקאָנע
און געהאַנגען איך וואָלט אויף דער וואַנט.
עס וואָלטן צו מיר זיך געבוקט די מיליאָנען
און צום טויטן קינד אויף מײַן האַנט.

# די רײַטערס

אַמאָל איז געווען אַ רײַטער,
אַ וואַנדערער שטיל און פאַרטראַכט,
וואָס האָט די וועלט אויסגעריטן
זיבעציק מאָל אין אַ נאַכט.

און ווּהין ער איז געריטן
און וואָס געזוכט אויפן וועג
דאָס האָט דער רײַטער, דער בלייכער,
זיבעציק מאָל זיך געפרעגט.

צי זוכט ער דעם גליווער פון שנייען?
צי זוכט ער דעם טראָפּישן גלי?
צי זוכט ער די טעג, וואָס פאַרגייען?
צי זוכט ער פון מאָרגן דעם בלי?

צי זוכט ער דעם אומרו אין דרום?
צי זוכט ער אין צפון די רו?
צי זוכט ער אין מזרח יסורים?
צי׳ן מערב דעם ברוך הוא?

און אַזוי האָט דער בלייכער רײַטער
געריטן פאַרטראַכט און פאַרקלערט
ביז איין מאָל אַ נאַכט האָט ער פּלוצעם
צו פרעגן זיך אויפגעהערט.

ווייל ער איז אין אַ שטאָט אָנגעקומען,
אַ שטאָט צווישן טויזנטער שטעט —
ניט איבערגעפּוצט מיט קיין בלומען
און אויך ניט מיט עסן צו זעט.

נאָר אין דער שטאָט האָט אַ יונגפרוי
אין פענצטער געשפּיגלט איר חן
און ס׳האָט זיך פאַרוואָלט דעם רײַטער
ניט פאָרן, נאָר שטיין און שטיין.

דאַן האָט ער געוווּסט און פאַרשטאַנען,
אַז פון דעם האָט ער תמיד געטראַכט,
אַז ער וועט זיך ניט רירן פון דאַנען,
ניט הײַנט און ניט מאָרגן בײַנאַכט.

אַז אַהער איז ער תמיד געלאָפן
און אַז דאָ וועט ער שטעלן זײַן געצעלט,
אַז דאָ וועט ער וואַכן און שלאָפן
בײַם אָנהייב און סוף פון דער וועלט.

איז אַראָפּ פון זײַן זאָטל דער רײַטער —
דאָס העמד פון זײַן ברוסט אויפגעשאַרצט
און האָט איר אַ סערענאַדע
געשפּילט אויף זײַן אײַגענעם האַרץ.

האָט געעפנט דאָס פענצטער די יונגפרוי
און צעשפּרייט אירע ליכטיקע הענט:
— אָ, רײַטער, מײַן רײַטער באַשערטער,
מײַן האַרץ האָט דײַן ניגון דערקענט.

איך וואַרט דאָ אַזוי בײַ מײַן פענצטער
אַ לעבן לאַנג און איך טראַכט
פון דיר, וואָס דו וועסט מיט מיר רײַטן
זיבעציק מאָל דורך דער נאַכט. —

האָט געבויגן דעם קאָפּ דער רײַטער
און ווידער געזאָטלט דאָס פערד

און אָנגעהויבן צו רײַטן
זיבעציק מאָל דורך דער ערד.

און געבן אים האָט די יונגפֿרוי
זיבעציק מאָל זיך געפֿרעגט,
וווהין זי וויל דאָס רײַטן
און וואָס זי זוכט אויפֿן וועג.

צי זוכט זי די שיינקייט פֿאַרבאָרגן?
צי זוכט זי אַ זיסקייט אַזאַ?
צי זוכט זי די טעג פֿרײַ פֿון זאָרגן?
די סודות פֿון שאַנגרי־לאַ?

צי זוכט זי דעם טייך פֿון פֿאַרפֿומען?
פֿון אייביקן בלי׳ען דעם סוד?
צי וויל נאָר פֿאַרזוכן איר גומען
דעם ווײַן, וואָס עס טרינקט דער אחד?

און ווײַל זי איז אַ יונגפֿרוי
האָט זי קײַן געדולד ניט פֿאַרמאָגט:
— טרײַב אונטער, מײַן ליבסטער, דאָס פֿערדל —
האָט זי צו אים צערטלעך געזאָגט.

האָט געבויגן דעם קאָפּ דער רײַטער
און אונטערגעטריבן דאָס פֿערד
און אָנגעהויבן צו רײַטן
אַכציק מאָל אום דער ערד.

נאָר ווײַל זי איז עלטער געוואָרן
איז אַ רגע געווען פֿאַר איר גאָלד
און איידער ס׳פֿאַרלויפֿן די יאָרן
האָט זי נאָך איר ענטפֿער געוואָלט.

האָט געבויגן דעם קאָפּ דער רײַטער
און אונטערגעשמיסן דאָס פֿערד
און אָנגעהויבן צו רײַטן
נײַנציק מאָל אום דער ערד.

און נאָך נײַנציק מאָל — אַ מאָל הונדערט,
געריטן יעדע נאַכט.
נאָר ער האָט שוין גאָרניט געפֿרעגט זיך
און ער האָט פֿון גאָרניט געטראַכט.

ביז אויך זי האָט צו פֿרעגן פֿאַרגעסן,
ווּהין און פֿאַרוואָס און פֿאַרוועןן?
זיי זײַנען אין זאָטל געזעסן
און האָבן זיך מער ניט געזען.

# לעבנדלעך

דאָס ווייבעלע גלאָריאַ, צי שרה
האָט אייגעלעך בלויע און קלאָרע.
דאָס מאַנדעלע דזשאָני, צי חיים
האָט די בעקלעך ראַזירט — פאָרצעלייען.

זײַ שפּילן זיך אָפּ זייערע טעגעלעך
מיט ליאַלקעס און צאַצקעס און וועגעלעך.
מיט קליינע געווינדלעך — געלעכטערלעך
פֿאַרגייען די לאַנגינקע נעכטעלעך.

זיי האָבן אַ שיין, ציכטיק הײַזעלע,
ווו גלאָריאַ פֿאַרגרייט אירע שפּײַזעלעך
און קנעט אויס מיט פּולכינקע לאַפּקעלעך
אירע זיסינקע קוכנס און באַבקעלעך.

און דאָרט בעט זי די פּוכענע בעטעלעך
און צעשטעלט אין וואַזאָנעס בוקעטעלעך.
דאָרט פּוצט זי די שאַפּקעלעך־שפּילעכלעך
וואָס גלאַנצן אויף שפּיגלענע דילעכלעך.

און דזשאָ־משה־חיים, דאָס מאַנדעלע,
האָט ליב אין די גאַסן צו וואַנדעלען.
מיט ייִנגלעך זיך היצן אויף ראָגעלעך
און שוויצן אין האַסטיקע יאָגעלעך.

און טרײַבן דורך גאַסן און שטעגעלעך
גאָך גרויסע און קליינע געשלעגעלעך
און אויספּעכטן זיך מיט זײַן שטעקעלע
אַ דערפּאָלגעלע, כאָטשבי אַ ברעקעלע.

נאָר טײַלמאָל אין שפּיל אַ פּאַרגעסענע
זעט גלאָריאַ — איר בויך ווערט אַ פּעסעלע.
גיט אַ צאַפּל דזשאָן־חײַמס נשמהלע,
ווען עס רופט אים אַן אמת מלחמהלע.

און אויף שלאַכט־פּעלד שרײַט חײַמל: אַך!
און אין קימפּעט קרעכצט שׂרהלע: אוי!
ערשט בײַם וויגל פון טויט און פון לעבן
ווערט חײַם — אַ מאַן, און שׂרה — אַ פרוי.

## מאַריאַנעט און מאַריאַנעטקע

אויף אַ סצענע — אַ מאָלערס פּאַלעטקע
פון גאָלד און פון גרין און פיאָלעט,
האָט אַ יונגינקע מאַריאַנעטקע
געטאַנצט מיט איר מאַריאָנעט.

די סצענע געווען איז אַ קליינע —
נאָר פּאַר זיי אַזוי גרויס ווי די וועלט.
די זון פלעגט די טעג זיי באַשיינען,
לבנה — די נעכט זיי באַהעלט.

און אַלץ איז געגאַנגען כשורה
און זיס איז געווען די מוזיק.
זיי האָבן באַוווּנדערט די גבורה
פון דעם, וואָס עס ציט זייער שטריק.

זיי פלעגן די ראָל ניט שטודירן
און געקאָנט יעדער פּרטל און פּרט,
ווי זיי וואָלטן מיט דעם, וואָס טוט פירן,
אַ לשון געהיימען געהאַט.

כאָטש פרעמד זיי געווען די כוונה
און דער פּירוש צו אַלץ, וואָס אַרום,
דאָך געטאַנצט האָבן זיי באמונה
אין גלאַנץ פון לבנה און זון.

און געהאָפּסלט האָט די מאַריאָנעטקע
אַ זומער, אַ ווינטער, אַ יאָר.
געווען אַ צעשטיפטע קאָקעטקע
מיט געמאָלענע בעקלעך אַ פּאָר.

און אַרום איר האָט געדרייט זיך אין עיגול
אַ פריילעכער מאַריאָנעט
און אונטערגעטאַנצט ווי אויף פליגל
צום קלאַנג פון אַ שטילן קלאַרנעט.

ביז איין מאָל, אין מיטן פון שפּילן,
אין אַ פּשוטן מיטוואָך פאַרנאַכט,
האָט אַן אומעט געטאָן זיי פאַרהילן
און זיי האָבן זיך ביידע פאַרטראַכט.

און ווי נאָר זיי האָבן פאַרטראַכט זיך
האָט פאַרשטומט מיטאַמאָל די מוזיק
און אַ ווינט האָט טייוולאָניש צעלאַכט זיך —
ניט געווען מער די האַנט און די שטריק.

און עס האָבן דעם שווינג פונעם טאַנצן
פאַרפלאָנטערט צעבונדענע פיס
און זיי האָבן פאַרגעסן אינגאַנצן
צו שמייכלען פאַרגלאָצט און פאַרזיסט.

און דאַן איז אַ פאָרהאַנג־ווינעטקע
אַראָפּ מיט אַ טרוקענעם טאַקט.
פאַר מאַריאָנעט און מאַריאָנעטקע
איז געווען סוף פון ערשטן אַקט.

אין צווייטן אַקט ליכטער די זעלבע,
דער זעלביקער כּישוף־דעקאָר.
ווי תּמיד די זון — אַ גאָלד געלבע
און לבֿנה נישט אַנדערש אַ האָר.

און כאָטש אַלע די זעלביקע פאַרבן
פון גאָלד און פון גרין און פיאָלעט,

דאָך עפּעס די פרייד האָט פאַרדאָרבן
פון מאַריאָנעטקע און איר מאַריאָנעט.

האָט געזאָגט מאַריאָנעטקע אין פליסטער,
די ברעם מיט אַ פינגער פאַרשטעלט:
— ביסטו כאָטש דער זעלביקער, ליבסטער,
אין דער גאַנצער פאַרענדערטער וועלט?

האָט אַ טרייסל געטאָן זיך צעטומלט
מאַריאָנעט און געשאָקלט זיין ליפּ:
— מיר ביידע ניט מער וואָס אַנומלט
און כ׳ווייס ניט צי כ׳האָב דיך נאָך ליב.

און כ׳ווייס ניט — אַ ברכה, צי קללה
די טראַכטעניש מיינע באַדייט.
קען זיין אַז די אמתע ראָלע
וואַרט אונדז אויף דער אַנדערער זייט.

איצט מוז מען אַליין זי געפינען,
צי זי איז אַ געשאַנק, צי אַ שטראָף
און דערגיין איר פאַרבאָרגנסטן זינען
און אויסשפּילן זי ביזן סוף.

האָט אַ כליפּע געטאָן מאַריאָנעטקע
און געטוליעט זיך צום מאַריאָנעט
און געוואָרן איז פון דער קאָקעטקע —
אַ נשמהלע ווייך אין געבעט:

— געדענקסט ווי מיר פלעגן דאָס שוועבן
אַמאָל מיטן צי פון דער שטריק?
יעדער טאָג פלעגט אַ טעפּיך אונדז וועבן
און אים העפטן מיטן פשוטן גליק.

— כ׳געדענק — האָט מיט קול מיט באַדאַכטן
געענטפערט איר דער מאַריאַנעט
— קען זײַן, אַז עס איז גאָר דאָס טראַכטן
פֿאַר אונדז מאַריאָנעטן אַ חטא.

און קען זײַן ס׳איז דאָס טראַכטן אַ דרך
צוריק צו געפֿינען די האַנט.
זײַ געזונט, מאַריאָנעטקע, אָט הער איך
מײַן תיקון פֿון יענער זײַט וואַנט.

און זיי האָבן צעשיידט זיך אויף שטענדיק
אין אַ טרויעריקן טרערן־קופּלעט.
ס׳האָט דער צווייטער אַקט זיך פֿאַרענדיקט
פֿאַר מאַריאָנעטקע און איר מאַריאָנעט.

אינעם דריטן אַקט — ליכטער די זעלבע,
דער זעלביקער צויבער־דעקאָר.
ווי תמיד די זון אַ גאָלד געלבע
און לבֿנה ניט אַנדערש אַ האָר.

נאָר אויף סצענע צוויי ליאַלקעס באַזונדער,
וואָס וואָגלען אַהין און צוריק,
וואָס זוכן אין ווײַ און אין וווּנדער
דעם קלאַנג פֿון אַ זיסער מוזיק.

וואָס שלעפּן אַ טונקעלע דאָליע
אַרום אויף דער סצענעלע־ערד
און זוכן די ריכטיקע ראָלע,
וואָס איז זיי צו שפּילן באַשערט.

און זיי האָבן שוין טויזנט קאָסטיומען
געטוישט און געביטן דעם גרים,

נאָר האָבן נאָך אַלץ ניט געפונען
די ראָל, וואָס איז פאַר זיי באַשטימט.

ביז מיד זײַנען בײדע געוואָרן
צו זוכן אַ זין און אַ מיין
און זיי האָבן אין העלדישן צאָרן
די האַנט און דאָס שטריקל פאַרבײַנט.

און זיי האָבן זיך ראָלעס באַשאַפן
אַליין, מיט די אייגענע הענט
און צו זיך געוואָנדן דאָס האָפן
און אין זיך די בליקן געווענדט.

און זיי האָבן אַן אייגענעם ניגון
געשאַפן און אייגענעם טאַקט
און זיי זײַנען נאָך העכער געשטיגן
בײַם סוף פונעם דריטן אַקט.

אין פערטן אַקט — סצענע די זעלבע,
דער זעלביקער כישוף־דעקאָר,
ווי תמיד די זון — אַ גאָלד געלבע
און לבנה ניט אַנדערש אַ האָר.

נאָר אויף סצענע — דער פאַרבן פאַלעטקע
האָט געטאַנצט איצט אַ פרישער באַלעט
פון אַ באַנײַטער מאַריאָנעטקע,
פון אַ באַפרײַטן מאַריאָנעט.

און דער צויבער פון נײַע קאָסטיומען
האָט בײדע מיט שיינקייט באַצירט.
און זיי האָבן אויפסנײַ זיך געפונען
און די ליבע, זי האָט זיי געפירט.

וואָלט אַלץ שוין געגאַנגען כשורה,
ווײַל זיי האָבן זיך ביידע דערגאַנצט,
ווײַל זיי האָבן מיט אייגענער גבורה
געשאַפן דעם ריטעם פונעם טאַנץ.

נאָר ווידער גענומען האָט פּיקן
דער צווייפל בײַטאָג און בײַנאַכט,
צי זיי האָבן שוין טאַקע אַ תּיקון
און די ריכטיקע ראָלע פֿאַרטראַכט.

און ס'האָבן צעבענקט זיך די גלידער
אויפסנײַ צו דער האַנט און דער שטריק
און ס'האָבן די הערצער די מידע
גערופן די זיסע מוזיק.

ביז זיי האָבן אַ שוואַרצע סילוועטקע
דערזען אויפן ווײַס פון פּאַרקעט.
האָט אַ ציטער געטאָן מאַריאָנעטקע...
האָט אַ שוידער געטאָן מאַריאָנעט...

און איין מאָל אין מיטן פון שפּילן
אין אַ פּשוטן מיטוואָך פֿאַרנאַכט
האָט אַ שלייער געטאָן זיי פֿאַרהילן
און זיי האָבן מער גאָרניט געטראַכט.

און דאַן איז געקומען צו ביידע
די מעכטיקע האַנט און די שטריק
און געטאָן זיי אַ נעם און אַ שלײַדער
אין טײַך אַרײַן אונטער דער בריק.

און אַראָפּ איז אַ פֿאַרהאַנג־ווינעטקע
אין מיטן פון לעצטן דועט,
פון אַ קלייניקער מאַריאָנעטקע
מיט אַ קלייניקן מאַריאָנעט.

## פֿאַרשפּעטיקט די באַן...

האָסט פֿאַרשפּעטיקט די באַן.
וועסט אין ערגעץ ניט פֿאָרן —
און דײַן טשעמאָדאַן,
וואָס געפּאַקט האָסט דורך יאָרן

שטייט פֿאַרשעמט בײַ דײַן זײַט,
פֿול געפּאַקט מיט חלומות,
פֿול געפּאַקט מיט די בײַגערס
צו דעם גליק פֿון מקומות.

איצטער שטייסטו און קוקסט
דורך וואָקזאַלישן טויער.
דיר דוכט, ס'פֿײַפֿט דער ווינט
דיר אויס אין דײַן אויער.

וואָס זשע ווייגסטו ניט, נאַר?
צו דעם זײַגער וואָקזאַלן —
נאָר צו כליפּען פֿון ווײ
איבער אַלץ וואָס פֿאַרפֿאַלן.

וואָס זשע ווייגסטו ניט, נאַר?
וואָס איז דאָ זיך צו שעמען?
אין דער „מאַסקע" פֿון צער
זאָג, ווער וועט דיך דערקענען?

און דעם אמת געזאָגט,
ס'איז אַ בלאָף אַל דאָס פֿאָרן.
פֿאַר אַ פּוסטן טעאַטער
גאָר שטייסטו זײַט יאָרן.

נו, טאָ שטעל זשע זיך פאָר —
ביסט שוין צוריק פון מקומות
און דײַן טשעמאָדאַן
פול מיט זאַטע חלומות.

וואָס זשע לאַכסטו ניט, נאַר?
אַן אַקטיאָר מוז דאָך לאַכן.
עמעץ לעשט שוין דאָס ליכט,
טוט דעם פאָרהאַנג פאַרמאַכן.

גיב זיך גיך אַ פאַרנייג
און די הענט טו צעפירן.
קיינער וועט דיך ניט אויספײַפן —
און אויך ניט אַפּלאָדירן...

# פאַר וואָס שוויַיגסטו איצט, מיַין ליד?

פאַר וואָס שוויַיגסטו איצט, מיַין ליד?
ס׳איז דאָך די שעה פון בין־השמשות.
פון הימל שפּריַיזט אַוועק דער טאָג
פון מיַינע בענקשאַפטן שוין גרוי און מיד;
פון וויַיטע גאַסן שווימען שאָטן־טעפּיכער שוין אָן
און לייגן שטיל זיך אונטער מיַינע פיס...
אין פענצטער־שויבן שפּילן שטיקער נאַכט
זיך מיטן וויַיטן גלאַנץ פון בלויען הימל
און ווייכע, סאַמעט־זיסע לופט
גלעט מיַין קאָפּ מיט גוטער האַנט.

פאַר וואָס שוויַיגסטו איצט, מיַין ליד?
ערגעץ אין דער היים זיצט שטיל מיַין בלייכע מאַמע
און פוצט די גרויע בריל איבער אַ בוך
און מישט איר לעבן, בלאַט נאָך בלאַט, צוריק
און ס׳ליגט די טרער באַהאַלטן אין איר בליק,
ווי אַ קינד אַ קראַנקעס, וואָס עס שלאָפט אין וויג.
שפּעטער זוכט זי מיד די בילדער אויף דער וואַנט
און טוליעט זיך צום טאָג פאַרלוירענעם און וואַרט.

פאַר וואָס שוויַיגסטו איצט, מיַין ליד?
ערגעץ ווייגט מיַין פריַינדין אויף איר איַינזאַם מיידל־בעט
און מיַין געליבטער גלעט דאָרט ערגעץ פרעמדע, ווייכע צעפּ
און איך שפּריַיז איצטער צו אַ פרעמדן מאַן, וואָס האָט מיך ליב — — — —
ווען דו וואָלסט איצט געקומען, דו, מיַין ליד,
און זיך צעווינטיקט אין מיַין בין־השמשותדיק געמיט,
וואָלט מיר אַ גאָטן־בוך געוואָרן אָט די שטערנדיקע נאַכט
און כ׳וואָלט אין אים אַריַינגעקלאָגט, אַריַינגעלאַכט
דעם ניגון, וואָס ער שטיקט אין ענגעניש פון קעל,
וואָס רײַסט זיך צו די ליפּן ווי אַ תפיסהניק פון צעל

און כ׳וואָלט געטראָגן זיך דורך גאַסן אַזוי יונג און לײַכט,
אַז ס׳וואָלט דער גיכסטער טרויער מיך ניט מער דערגרייכט
און כ׳וואָלט צעשפּרייט די פליגלען צוויי פון טרוים און וואָר
איבער די פעלדער פריש פאַרזייטע — מײַנע טעג פון יאָר
און וואָלט די פּיינען ווי שאָטנדיקע פליינען איבעריאָגט.
און ווען עס וואָלט דאָס לעצטע ליכט שוין אויסגעטאָגט,
וואָלט איך געגאַנגען צו דעם פרעמדן מאַן, וואָס האָט מיך ליב
און וואָלט געזאָגט: דו ליבער פרײַנד, אָ, זײַ ניט טריב.
דו זעץ זיך נעבן מיר און קוק און הער,
ווי ס׳ציט מײַן ליד דעם ווײ אַרויס
פון אונדזער ביידנס טרער.

## די הענט פון מײַן שוועסטער

ס׳צעוויקלען באַגינענס די הענט פון מײַן שוועסטער,
ווי בלומיקע בעכערס דערוואַכטע פון דרימל.
ס׳צעגיסט אַזוי באַנג זיך אויף הענט פון מײַן שוועסטער
די בענקשאַפט צעבלויטע פון לויטערן הימל.

עס לײַכטן מיט אומעט די הענט פון מײַן שוועסטער,
ווי טרויעריקע קוואַלן אין פעלדזן געצוימטע
און ס׳רינען אַראָפּ אירע פינגער די ווייכע,
ווי שטילע געזאַנגען, ניגונים פאַרטרוימטע.

ס׳ליגט יאָמער פון פידלען אויף הענט פון מײַן שוועסטער,
דער ברויז פון קלאַווישן — אויף פינגער אויף דינע
און יעדער איר גלעט רופט אַ פלייטן־אָרקעסטער
און יעדער באַריר וועקט אַ האַרפּישע סטרונע.

און דורכזיכטיק זײַנען די הענט פון מײַן שוועסטער,
ווי ווינטן וואָס וויקלען אַ סוד אין וואַלן.
און צערטלענדיק זײַנען די הענט פון מײַן שוועסטער,
ווי אין שטורעמס געלײַטערטע, זוניקע שטראַלן.

זיי קענען פאַרטוליען, די הענט אירע הייסע,
זיי וויסן דעם כּישוף פון שטילע באַרירן.
ווי זעגלען אין רעגנס געווייקטע, דאָך ווײַסע,
זיי קענען דײַן שיפל צו האָפענונג דערפירן.

זיי קענען אויך שמייכלען, די הענט פון מײַן שוועסטער,
זיי קענען יונג־ברויזיק צו רחבות זיך שטרעקן,
דאָך זעען זיי אויס ווי צוויי איינזאַמע טויבן,
וואָס ס׳קען זיי אַ יעדער געשריי באַלד דערשרעקן.

און ווען ס׳קומט דערמאָנונג אויף הענט פון מײַן שוועסטער
פאַרגייען זיך פינגער אין שטילן געוויין
און טוליען זיך, לאַשטשען, ווי איינזאַמע קעצלעך,
און פרעגן דיך, פרעגן: וווהין זאָל מען גיין?..

און ווען ס׳קומט דער צאָרן אויף הענט פון מײַן שוועסטער,
דאַן ווערן זיי פאַקלען, אין פלאַם אין צעהעלטן.
ס׳פאַרקריצן ווי ציינער זיך נעגל אין פויסטן —
צוויי שריפה־גראַנאַטן אין פרצוף פון וועלטן.

*

ווי אַ טאָג־בוך אַן אָפּנס, די הענט פון מײַן שוועסטער.
אויף אָדערלעך שורות, אויף הויט אַזוי קלאָר
קומט דאָרט די האָפענונג, דער צווייפל פאַרשרײַבן —
קומט אָרעמע פרייד פון אַ טאָג, פון אַ יאָר.

עס שרײַבט זיך אַרײַן דאָרט אַ שטילער פרימאָרגן.
אַ ווינט, וואָס באַגלייט זי צום שנײַדער־וואַרשטאַט.
אַ קאַץ, וואָס גליטשט זיך אַראָפּ פון אַ פענצטער
און ווישט אָפּ מיט ווייכקייט דעם שפּור פון איר טראָט.

ס׳פאַרשרײַבט זיך דער זייגער מיט גליווערנע שעהן,
וואָס שלעפּן זיך פויל נאָך געאײַל פון מאַשין.
עס שטעפּט זיך די נאָדל אַרײַן אין די פינגער
מיט דראָבנינקן כתב און רויט־פּערלדיק דין.

ס׳פאַרשרײַבט זיך אַ מלבוש מיט פאַסטריגע פעדעם,
וואָס לויפן פון קאָלנער ביז אונטערן זוים.
אַ שטאָך מיט דער נאָדל — אַ שטאָך אינעם ספר.
צוויי שטעך אינעם מידן, פאַרלוירענעם טרוים.

און שפּעטער קומט אָוונט אַראָפּ אַזאַ שטילער.
פֿאַרחתמעט דאָס הילפֿלאָז געצוימטע געשריי —
ביז פֿינגער באַרירן עלעקטרישן שאַלטער
און שטעלן אַ פּינטל. אַ טאָג איז פֿאַרביי.

דאַן שליסן צונויף זיך די הענט פֿון מײַן שוועסטער
ווי בעכערס פֿון בלומען אי לערע, אי פֿולע
און ס'לייגן זיך אונטערן קאָפּ איר צוזאַמען
די דלאָניעס צוויי ווײַסע אין מיידלישער תּפֿילה.

# בריקן

יעדעס מאָל, ווען איך זע פֿאַר מיר אויף די וועגן
פֿון וויַטן זיך צייכנען די פֿאָרעם פֿון אַ בריק,
דאַן קומט צו מיַין האַרץ אַזאַ אומרו אַנטקעגן
ווי ביַים פֿאָרשפּיל פֿון פֿידלען ערב מוזיק.

ווי ס׳וואָלט יעדער בריק מיר אַ שליסל געוויזן
צו עפּעס גאָר הייסע, פֿאַרבאָרגענע קלאַנגען,
ווי ס׳וואָלטן די אויגן אין הימל געלעזן
אויף נאָטן־פּאַפּיר אַ מין רוף צו געזאַנגען.

אַ בריק זעט מיר אויס ווי אַן אות אַ צעשטערטער,
וואָס וויל זיך אין מיר צו זיַין המשך דעררופֿן
און טיילמאָל — אַ כוס גאָר אַן איבערגעקערטער,
וואָס שיט פֿון זיך טענער מיט ווערטער און סטראָפֿן.

אָפֿט זעען זיי אויס ווי געקאָרבטע געוועבן —
פֿיליגראַן פֿון סודות געפֿורעמט אין טוירן,
וואָס איבער זיי פֿליסן די טיַיכן פֿון לעבן
און אונטער זיי גיסן זיך טעג ניט געבוירן.

אָ, יענע, די ריזן פֿון אַיַזן און בעטאָן,
וואָס האַלטן די ערד איַינגעקלאַמערט ווי צוואַנגען.
אויף זיי גייט פֿון דונערס אַ ווילדער געוועט אָן,
ווער ס׳וועט צו דעם היכל פֿון הימל דערלאַנגען.

אָ, יענע, די בריקן, ווי הענט פֿון טיטאַנען,
וואָס שפּאַסן פֿון אויטאָס און לאָקאָמאָטיוון,
איך וואָלט אונטער זיי גאַנצע טעג אָפּגעשטאַנען,
געלאָזט אונטער זיי מיַין התפּעלות זיך שיפֿן.

עס ציט מיך צו קוקן אויף זיי און צו גאַפן.
דעם ברויז פון מײַן אומרו אין זיי דעשיפּרירן.
און דאָך, ניט דורך זיי פירט דער וועג צו מײַן האַפן.
איך וואָלט איבער זיי ניט געלאָזט זיך שפּאַצירן.

ווײַל ס׳שרעקט מיך ס׳געהעקל פון אײַזן און דראָטן.
דער נצחון פון שפּינגעוועב איבער דער טיף.
כ׳האָב מורא, אַז עמעץ, וואָס קען זײַן מײַן שאָטן,
זאָל ניט שפּרינגען פון זיי און צעברעכן מײַן שיף...

פאַראַנען, פאַראַנען אויך אַנדערע בריקן,
וואָס וועקן אין האַרץ מיר גאָר אַנדערע קלאַנגען.
אַזעלכע, וואָס טוען מײַן דמיון דערקוויקן
און שפּילן אין מיר אויף די מילדסטע פאַרלאַנגען.

למשל, די בריקן, וואָס בענקען אין וועלדער,
וואָס לײַכטן אויף פּלוצעם אויף וועגן ספּיראַלע.
די בריקן — מאַנקעטן אויף זײַדענע העמדער,
ווי שפּיצן אויף אַרבל פון דאָרפּישע כלות.

צי יענע, די בריקן מיט ברעטער־שפּאַרונעס,
ווו ס׳זילבערט זיך ס׳וואַסער אַדורך דורך די שפּאַלטן —
זיי זעען מיר אויס ווי די האַרפּישע סטרונעס,
וואָס צימבלען אַ ניגון, אַ ווייטן און אַלטן...

צי יענע, געהאָפּטן פון שטריק און פון ברעטער,
פאַרהאָנגען אין בערג, אָט ניט מער ווי אויף שטאַנגען —
געמאַכט ווי ספּעציעל פאַר אָלימפּישע געטער,
זיי זאָלן דורך דאָרט צו די וואָלקנס דערלאַנגען...

צי יענע, די בריקלעך, וואָס האָבן קײַן פאָרמען —
וואָס זײַנען אַ פּתח — ניט מער ווי אַ ברעטל

אַריבער דעם גופל פון טײַכלעך צערוישטע,
וואָס פלאַפּלען װ׳אַ זויגלינג אין גראָזיקן בעטל...

צי בריקלעך, וואָס בינדן צוזאַמען צוויי װעלדער —
צוויי פעלדער מיט פּאַשע אין טאָלן באַהאַלטן,
צוויי שטעטלעך, וואָס זעען מיר אויס ווי צוויי קינדער,
וואָס װאָלטן אויף בריק פאַר די הענט זיך געהאַלטן.

צי גאָר, לאָמיר זאָגן, די בריקלעך אין פּאַרקן,
וואָס זעען מיר אויס — אַ געמעל אויף גאַרדינען;
ווי רינגלעך צעהאַלבטע, וואָס ווילן די גאַנצקייט
אין אָפּשײַן פון סאַדזעווקע־שפּיגל געפינען...

אָ, דאָרט װאָלט איך גערן שפּאַצירן געגאַנגען —
געלאָזן מײַן ניגון צו רײַפקייט געדײַען,
געלאָזן מײַן האַלבקייט צו גאַנצקייט דערלאַנגען —
און דווקא צוזאַמען און דווקא אין צווייען.

אָ, דאָרט װאָלט איך גערן געגאַנגען שפּאַצירן
מיט דעם, וואָס איז ליב מיר און נאָנט צו מײַן לעבן
און כ׳װאָלט מיט מײַן ליפּ זײַנע ליפּן באַרירן —
אַן אָנדײַט פון ניגון, וואָס טוט אין מיר וועבן...

טאָ פרעג איך זיך טיילמאָל און שטוין; וואָס באַטײַטן
די אומרוען מײַנע אין אָנבליק פון בריקן?
וואָס זײַנען די פּליסיקע זינגעוודיקייטן,
וואָס וועקן אין מיר זיך און העקלען און שטריקן?..

און דעמאָלט דערזע איך אויף װאָלקנס זיך וועבן
אַ רעגענעם־בויגן — אַ בריק און אַ רמז —
אויך ער איז אַן אָפּשיין פון אייביקן שטרעבן,
צו בינדן דעם חלום מיט ערדישן אמת...

יאָ, פונקט ווי די בריקן איך שטרעב צו פאַרקייטלען
מײַן האַרץ מיט דער וועלט און מײַן איך מיט אַ צווייטן.
מײַן שטרעבן צו גאָט מיט זײַן סוד כ׳וויל פאַרקנופּן —
די רגע פון פּיין מיט דער רו כ׳וויל באַגלייטן...

דערפאַר וואַקסט מײַן האַרץ מיט די בריקן, די ריזן,
ווײַל אין זיי איז דאָס שלימות פון בינדן פאַרבאָרגן —
נאָר אין אָנבליק פון זייער שטאָלענעם אימפּעט
בלײַבט אָן אָטעם מײַן בענקשאַפט פון הײַנט ביז צו מאָרגן.

דערפאַר איז מיר בעסער אויף בריקן די קליינע.
אויף זיי קען איך לײַכטער מײַן חלום פאַרוועבן.
אויב קען מען אַ טייך אויף אַ ברעט איבערשפּרײַזן —
ווערט קלענער דער תהום צווישן שטאַרבן און לעבן...

# איך און מײַן חלום

ס׳איז מײַן חלום אַן איינזאַמער ריטער,
וואָס ער ווײנט ערגעץ ווו, כ׳ווייס ניט ווו.
צו מײַן האַרץ־טיר אַ שליסעלע היט ער,
וואָס ער רופט עס אין שפּאַס „פּאַספּאַרטו״.

יעדעס מאָל, ווען ס׳טוט אויבן פאַרוויאַנען
די זון אויפן פעלד פונעם הימל
און זי פאַלט מיט די רײַפע קאַשטאַנען
אַרײַן אינעם קיישל פון דרימל

טוט פאַרוואַרפן אויף אַקסלען מײַן ריטער
זײַן סאַמעטענע נאַכט־פעלערינע
און ער פוצט אָפּ ביז הייסקייט דעם גליטער
פון שטערן — די קנעפּ סעלעדינע.

און ער טוט אויף זײַן ברוסט אַ מעדאַל אָן —
די זילבערנע, קילע לבנה.
דערנאָך מאַכט ער פון מילך־וועג צוויי שאַלן
צו ברענגען פאַר מיר אַ מתנה.

דערנאָך זאָטלט ער ס׳פערד, וואָס זײַן נאָמען
איז „שויבער־צעשויבערטער ניגון״
און ער לאָזט זיך מיט אים איבער תהומען
צום ישוב פון שטיינערנע וויגן.

צו דעם ישוב ווו ס׳שלאָפן די גופים
אויף קישנס פון יאָרן, וואָס דאַרן.
ווו עס צערטלען זיי אימה חלופים,
ווו עס האַלדזן זיי קאַלטע קאָשמאַרן.

און דאָ רײַט ער דורך גאַסן־געפּלאָסטער
און שפּיגלט זײַן רינג אין די שויבן.
(אינעם רינג אַ פּאָר טרערן געפּאַסטע,
צוויי דימענטן, גרויס ווי צוויי טרויבן).

נאָר ס׳טוט קיינער ניט הערן זײַן רײַטן,
דערזעט ניט דעם רינג פון צוויי טרערן.
איך אַליין בלויז דערקען אים פון ווײַטן,
נאָך איידער איך טו אים דערהערן.

און דערווײַל, וואָס זשע טו איך, אַ שטייגער,
אין העמד פון דערוואַרטונג דער ווײַסער?
איך שטעל אָפּעט דאָס האַרץ ווי אַ זייגער,
וואָס טיקעט אין ברוסט דער צו הייסער.

און מיט באָרוועסע טריט אַזוי שטילע
אויף דיל ווי אויף פּוכענע דעקן
טו איך טרעטן, אַז איך זאָל חלילה
די וואָר פון איר דרימל ניט וועקן.

און איך שנײַד אויף מיט פינגער ווי שערן
ס׳געוועב פון די גרויע גאַרדינען,
וואָס אין זיי טוט מײַן טאָג זיך פּאַרלערן,
וואָס טוען מײַן פּחד פּאַרשפּינען.

און כ׳צעפּראַל מיט התפעלות דאָס פענצטער —
די ראָם פון מײַן בענקשאַפט געקלעמטער
און אויף מיר קוקט דער ריטער, דער שענסטער,
מיט אַ תאַווה אַזאַ אומפּאַרשעמטער.

און די תאַווה, זי פאַלט צו מײַן בוזעם
און נעמט זיך מײַן האַרץ־טיר צעשליסן.

נאַר דערווייל, וואָס זשע טו איך? איך לאָז אים
און שענק מיך צו זײַנע קאַפּריזן.

און איך פֿאַל אויף די הענט פֿון מײַן חלום.
ער וויגט מיך אויף זיי ווי אויף הוידעס
און ער נעמט מיך אַרום מיט זײַן אָרעם,
וואָס שמעקט מיט פֿאַרפֿומיקע סודות.

און ער הילט מיך אַרום, ווי מיט שאַלן,
מיט הענט — די געהיימע באַגערן
און ער דעקט צו מײַן פֿרייד מיט וואַלן
איך זאָל זי אין גאַס ניט פֿאַרלערן.

און ער זעצט מיך אַרויף אויפֿן זאָטל
פֿון „שויבער־צעשויבערטן ניגון"
און דאָס פֿערדעלע טריטלט און טראָטלט
צו בערג — צו די הימלישע שטיגן.

און עס טוט אונדז אויף שליאַכן פֿאַרפֿירן,
וואָס קיינער האָט קיינמאָל באַטראָטן,
וואָס זיי קוקן מיר אויס ווי פּאַפּירן,
געשפּרייטע פֿאַר ווערטער און נאָטן.

אַזוי ביזקל אַ בריק טוט אויפֿטויכן,
וואָס ווערט „האָריזאָנט" אָנגערופֿן.
אַזאַ בריק צווישן ערד און די הויכן,
אַ בריק צווישן צווייפֿל און האָפֿן.

און ניט ווײַט פֿון דער בריק שטייט אַ קרעטשמע,
וואָס „אונטער גאָטס האַרף" איז איר נאָמען.
דאָרטן גריסט אויף דער שוועל אונדז דער קרעטשמער
און פֿרעגט מיך: — וואָס מאַכסטו, נשמה?

און ער גיסט אונדז אויף טרוקענעם גומען
דעם ווייַן, וואָס ער רינט פון די פידלען.
דעמאָלט עסן מיר ברויט, וואָס טוט ברומען
און פּירות, וואָס זשומען און לידלען.

דעמאָלט מונטערט מען ס׳פערד בגלופין
מיט משקה, וואָס רופט זיך „פאַרגעסונג״
און מיר גיבן אים שיכורע סטראָפן,
ווי גערשטן און האָבער, צו פרעסן.

און מיר שפּאַנען אים אײַן אין אַ זמר,
אַ וואָגן פון ווינט פיאָלעטן
און דורך וואָלקנס, אויף רעדער פון טענער —
מיר זינגען אַוועק צו פּלאַנעטן.

און דערגרייכט מען אַהין דאָרט צוזאַמען,
שווין מיד פון גאַלאָפּ פון די סטראָפן,
באָדט מען אויס זיך אין ספערישע ימען,
וואָס רופן זיך „בלויע אין־סופן״.

# דער ים און די ערד און די נאַכט

ס׳האָט די נאַכט זיך ביז טיפקייט פון שווײַגן פאַרטראַכט,
ווי דעם ים צו באַזיגן.
ס׳האָט די נאַכט פון דעם הימל אַ וויג־בעט געמאַכט
דעם ים צו פאַרוויגן.
ס׳האָט די נאַכט פון לבנה אַ קישן געבעט
דעם ים איינצושטילן.
ס׳האָט די נאַכט פון די ווינטן אַ שלייער געוועבט
דעם ים צו פאַרהילן.
ס׳האָט די נאַכט אַלע חושכע תהומען געשיקט
זיי זאָלן זײַן אומרו פאַרשלינגען,
ער זאָל שטילן זײַן בענקשאַפט דאָ אויף איר ברוסט
און זאָל צו דער ערד מער ניט זינגען.

נאָר אומזיסט. די ערד אין אים וואַכט.

און זאָל קיינער, אָ, קיינער, זײַן מעכטיקן ברומען
ניט וואַגן מיט שווײַגן פאַרצוימען.
און זאָל קיינער ניט קומען די פעלדזיקע שטיינער
פון אונטער די פיס אים צו רוימען.
און זאָל זי, די נאַכט, מיט איר זײַדענער צאַרטקייט
זײַן זאַלציקע האַרבקייט ניט וואַגן פאַרזיסן
און זאָל זי מיט מילדקייט, מיט סודפולער שטילקייט
דעם שווייס פון זײַן שטערן ניט ווישן.
ס׳וועט סײַווי די נאַכט מיט איר איידעלן צויבער
זײַן פיבער ניט קענען פאַרהאַלטן.
ער וועט איר לבנהיקן זילבער צעשטויבן
און אירע שטערן צעשפּאַלטן.

ער בענקט צו דער ערד...

איז צו ענג און צו קוועליק ס׳טיף־גרונטיקע בעט
פאַר די פיבערס, וואָס ס׳פיבערט זײַן גוף —
מוז אַן אָטעם פאַרבלײַבן זײַן ברויזיק געבעט,
ווערט אַ שטאַמל זײַן ברומיקער רוף.
און עס גלאַנצט אַזוי פּיאַניק און גליט אַזוי שוימיק
זײַן פּײַכטע ווײַס־שופּיקע הויט
און עס גאַנצט און עס האַלביקט, צעציט זיך און קאַרביקט
זײַן שטערן געאָדערט, צעבלויט.
ס׳וועט קיינער זײַן דורשטיקן הונגער שוין קיינמאָל
אָ, קיינמאָל ניט קענען פאַרצוימען.
ער איז דאָ און וועט דאָ זײַן. אַ גיבור פון אומרו
צו גבורה פון רו זיך צו שוימען.

ער שלײַכט צו דער ערד...

שוין לעקט ער מיט זאַלציקע ליפּן די ברעגיקע ריפּן
אירע, סײַ ווילד און סײַ צאַרט
און זי ליגט דערנעבן, האַלב־טרוימיק פאַרשלאָפן,
צעציטערט ווי אַ לירע און וואַרט...
און ס׳וויגט זיך דער הימל — אַ וועגדקע אין אירע
צעפינגערטע, שפּיליקע הענט.
זי פאַנגט אין האַלב־וואַכיקן דרימל די שטערן
ווי פּירות פון רײַפקייט פאַרברענט
זי טונקט זיי אין ים. איז עס ווײַן? איז עס סם?
אין דער שאָל פון אַ יעדן שטערן?
ער פרעגט ניט און טרינקט און ס׳ווערט פונעם הימל
אַ נעץ פון צעפּערלטע טרערן.

די נאַכט לייגט פּאַסיאַנסן אויף פעלדזיקע טישן...

הייבט אויף זיך די ערד און זי שטרעקט אויס די הענט
און זי פּליסטערט אים: קום!

און ער פון איר דרייסטקייט אַ רגע פאַרשעמט —
פאַרגעסט זײַן געברום.
פאַרקריצט אין די ערדישע ברעגעס שוין זײַנען
די ווײַסע, די ימיקע ציין.
ער בײַסט אין איר קאַלטקייט, וואָס שוואַרץ איז און הייס,
זיך אַלץ טיפער נאָך אײַן.
אָט ציט ער די זאַפטיקע הויט און דעם ברוין־גרינעם שלייער
אַראָפּ פון איר לײַב,
אַז אַנטבלויזטע פון זיך זאָל דער אין־סוף איצט איינען
דעם מאַן און דאָס ווײַב.
איצט ווײַס זי ניט מער, איז זי ים, איז זי ערד?
און ער ווייס אויך ניט מער שוין וווּהין ער געהערט.
גאָט בענטשט.

געאָרעמט נאָך ליגן זיי ביידע בײַנאַנד,
נאָר אָט שיידן זיי באַלד.
אים קילט נאָך איר פעכער — דער ווינטיק צעשויבערטער וואַלד,
נאָר אָט שיידן זיי באַלד.
זי פילט אויף דער ליפּ נאָך דעם זאַלציקן טוי,
וואָס פון שטערן אים פאַלט —
זיי שמייכלען ווי קינדער פאַרשלאָפן און פויל,
נאָר אָט שיידן זיי באַלד.
אַ לויטערע מעווע פאַרהאַלט צווישן זיי דאָרט
איר ערשטן, פאַרטאָגיקן פלי
און פּאַטשט מיט די פליגלען די ווייכע דעם ברעג
און גלעט אַמאָל אים, אַמאָל זי...

די נאַכט ווייס געגוי דעם באַשייד שוין און גרויט.

באַלד גייט זי, די נאַכט. ס׳וועט אַפילו דער שטילער פאַרטאָג
די טריט אירע לעצטע ניט הערן.
עס פּויזעט צוריק זיך דער ים. אַ כוואַליע אַ ווײַסע

שטיפט מיטן ווינט אויף זײַן שטערן.
און דאָרט גליטשט אַ פישער־שיף לײַכט זיך פון ערדישער דלאָניע
אַראָפּ צו דער ימיקער טיף.
און ס'פלאַטערט די שיף. ס'איז אַ זעגל אַ ווײַסער,
אַ בשורה אַ הייסע. אַן ערדישער בריוו:
— גוט מאָרגן, מײַן גליק. דאָ בין איך און וועב דײַנע מושלעס אַרום
מיט ערשטן גינגאָלד פון פריטאָגיקער זון.
ווו ביסטו, מײַן ים, און ווען קומסטו צוריק? —
און ס'ענטפערט דער ים איר מיט שטילן געברום: — איך קום! —

די נאַכט איז אַוועק און פאַרגעסן די שטערן די לעצטע.

## גאָלדפיש, דו שטאַרבסט...

גאָלדפיש, דו שטאַרבסט.
דײַן שיינקייט ליגט אויפן פלאַך
פון אַקוואַריום־וואַסער —
אַן אַרויפגעהויבענער, אַרויפגעטראָגענער אונטערגאַנג.
אַ באַוועגלאָז אינדזעלע פון שטאַרבנדיקן גאָלד,
וואָס גאָלדיקט נאָך און גלימערט ניט מער.
דײַן קליין אָפן מויל אײַלט זיך און זופט און זופט
ניט וואַסער, ניט לופט —
נאָר טויט.

גאָלדפיש, דו שטאַרבסט.
צאַפּלענדיקע כימערע מײַנע,
וואָס האָסט זיך געיאָגט
אינעם צעוויגטן וואַסער־וואַלד
נאָך אומזעבאַרע סודות
און זיי געשלונגען מיט אַ קליין אָפן מויל
צווישן מושלעס און זאַמדן
און פאָרצעלײַענע פּאַלאַצלעך,
אינעם ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל —
דער קינסטלעכער זון.
ווי גראַציעז, ווי זינגעוודיק
איז געווען דײַן האַרמאָנישער שווונג
אין דער וועלט,
וואָס איך האָב דיר אויסגעבויט.
אַ קינסטלעכע וועלט.
פאַר דיר איז זי געווען לעבן
און פאַר מײַן אויג — וואָרקייט.
מײַן בליק האָט אַליין ווי אַ גאָלדפישל
זיך געיאָגט נאָך דיר, ווי נאָך אַ גלימערדיק
פּלעמל, וואָס שווימט דורך ליאַנעס פון שטילקייט

צו שויסן פון גליק
ערגעץ אין אַ פֿאַרכשופטן דזשונגל...

איצט שטאַרבסטו, גאָלדפיש מײַנער.
ביסט ניט שיין מער
און נאָך ניט מיאוס.
ביסט נאָך ניט דאָרטן
און שוין ניט דאָ...
צווישן דעם „נאָך" און דעם „שוין ניט"
זופסטו מיט אַ קליין אָפן מויל
ניט וואַסער, ניט לופט —
נאָר טויט.

ווי שטיל.
פון אַלע שטילע טויטן
האָב איך איינעם נאָר אַזאַ געקאָנט —
מײַן מאַמעס.
דײַן גאָלד — איר גאָלד.
דײַנע אויגן — אירע אויגן,
און דאָס מויל, וואָס זופט...
פון אַלע שטילע טויטן
האָב איך איינעם נאָר אַזאַ געקאָנט —
מײַנע חלומות.
זיי זײַנען אויסגעגאַנגען נאָך שטילער.
אַפילו ניט באַמערקט.

גאָלדפיש, דו שטאַרבסט.
איך קען דיך ניט רופן צוריק.
דאָרט ווו דו ביסט
הערשן געזעצן אומפֿאַרמײַדלעכע...
עס געשעען ניט קיין ניסים מיט פיש,
ניט מיט מענטשן

און אויך ניט מיט קיין חלומות...
אונדז צעטיילט און אונדז פֿאַרבינדט
בלויז די אומבאַהאָלפֿנקייט —
און אין איר
ביסטו דער גיבור.
ווײַל דו הויערסט דאָך איבער מיר,
קליינער, שטאַרבנדיקער גאָלדפֿיש,
אויסגייענדיקע כימערע,
צאַנקענדיקע מאַמע,
מיט דעם אומגעהויערן, פֿרעמדן
כוח פֿון טויט.

# דריי גאָלדענע פישעלעך

עס זײַנען געשטאָרבן די פישעלעך דריי
אינעם גלעזערנעם סלוי.
ווען דער מאָרגן האָט שויביקע ווענטלעך באַמאָלן אויף בלוי
און די זון האָט די פענצטער געטונקען אין רויט
זײַנען אויף דלאָניע פון וואַסער געלעגן
די פישעלעך טויט.
און ס'איז שולדיק די פרוי,
וואָס טוט זיי דאָס וואַסער פאַרבײַטן.
וואָס וואַרפט זיי די ברעקעלעך שפּײַז
פאַרן טעגלעכן עסן.
אַ חרפּה דערציילן פאַר לײַטן —
זי האָט אָן די גאָלדענע שטיפערס פאַרגעסן.
סײַ נעכטן, סײַ הײַנט
ניט קיין וואַסער קיין פרישעס געגעבן,
ניט קיין ברעקעלעך דינע פון ברויט — — — —
איז שולדיק די פרוי אין דעם טויט
פון דעם גאָלדענעם לעבן,
וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין סלוי.
איז שולדיק די פרוי,
וואָס זוכט איצט אַליין
די פאַרלוירענע פרייד
און טרערן ווי טראָפּנעס טוי
שנירלען זיך אײַן אינעם זײַד
פון איר קלייד
און זי וויינט.
ווײַל
סײַ נעכטן, סײַ הײַנט
האָט דער מאַן זי צו קושן פאַרגעסן
און ער איז געקומען
ווען ס'האָט די נאַכט

אויף טאָג זיך אויף ווײַסן פאַרנומען
און זי האָט ניט געוווּסט,
צי האָט ער זײַן האַרץ גאָר
צוריק פונעם דרויסן געבראַכט
ווײַל
ער האָט זי אויף הײַנט ניט געקושט.
ניט הײַנט און ניט נעכטן בײַנאַכט.

דאָס קינד אינעם וויגל
שמייכלט מיט אייגעלעך פולע מיט בלוי
דערוואַכט פון אַ וואַרעמען שלאָף.
און די פרוי? זי ציילט אירע טרערן
ווי טראָפּענעס טוי
און זעט דורך דעם גלעזערנעם שפּיגל פון סלוי
דעם גאָלדענעם סוף.

# דאָס ווײַב

ווער איז דאָס גרויסע, פרעמדע ווײַב,
וואָס קוקט אַרויס צו מיר פון אַלע שפּיגלען,
וואָס גייט מיר נאָך מיט אַלע שויבן,
וואָס קלאַפּט מיר נאָך אין יעדן טאַקט פון מײַנע שיך
און וואַרפט אַ לאַנגן שאָטן
אונטער מײַנע טריט?

וואָס באַוואַרפט זי מיך מיט בליקן אָפּגעלאָשענע,
ווי מאַטע שטיקלעך אויסגעברענטע קוילן?
וואָס צעקאַרבט זי מיך מיט איר געקאַרבטן שטערן?
וואָס שנירט זי זיך אײַן אין מײַן מויל
מיט אירע אָפּגעמעקטע, איבערגעשטראָכענע ליפּן?
וואָס העקלט זי זיך צו צו מיר
מיטן גרויען וואָל פון איר אָפּגעבלאָקניעטער טשופּרינע?
די איינזאַמע, פאַרלאָזענע,
אויסגעזויגענע און לערע,
וואָס וויל זי פון מיר?

וואָס וויל זי פון מיר,
דעם טוי־געוואַשענעם מאָדעל פון באַטיטשעליס ווענוס,
וואָס מײַן פּנים איז אַ דורכזיכטיקע פּריזמע פאַר דער זון,
וואָס מײַנע ווייכע גלידער שווינגען ווי די ווינטן,
וואָס מײַן לײַכטער גאַנג איז אַ שוועבן פון מעלאָדיעס
און דער אָפּגעצײַלטער בליק פון אונטער מײַנע שטראַלנדיקע ברעמען
איז אַ קוש — אַ פײַל פון אַמאָרס הייסע בויגנס?
וואָס וויל זי פון מיר,
וואָס מײַן קערפּער איז פאַרפולט איבער די ברעגעס
מיט אַלע טעמען פון גאָט־פאַרזוכטע זיסקייטן?

וואָס וויל זי פון מיר,

וואָס אויף מײַנע ברוסטן, ווי אויף קישנס פון שיינקייט,
שלאָפן און וועקן זיך
די ערשטע און לעצטע סודות פון דער נאַכט,
וואָס אויף מײַן בויך צימבלען פלאַמיקע פינגער
ווי הענט איבער קילע וויאָלאָנטשעלעס,
וואָס אין מײַנע האָר העפט זיך אַדורך דער דינסטער,
הערלעכסטער ניגון פון צערטלעכקייט,
וואָס מײַן הויט איז אַזוי ווייך און גיביק
און פעסט און האַרט אין איר לאַשטשענדיקער ווייכקייט,
ווי די הויט פון דער נאָר וואָס געבוירענער ווענוס
אַרויס פון דער ימיקער מושלע ?

איך, אַ באַרירטע —
נאָך אַלץ ניט קיין באַרירטע.
איך, אַ פאַרזוכטע —
נאָך אַלץ ניט קיין טועם געוועזענע.
איך, די צויבערין —
וואָס מער מען גיט מיר,
דאָס געבנדיקער ווערט מען.
וואָס מער מען נעמט פון מיר,
דאָס פולער ווער איך.
איך, די אייביקע, די געזוכטע
אין אַלע ווינקעלעך פון צוזאָג,
אויף אַלע סטעזשקעלעך פון בענקשאַפט,
אויף אַלע גאַסן פון באַגערן.
איך, וואָס איך טראָג זיך איצט אַנטקעגן
צו זײַנע ליפּן,
ווי אַ ווײַניקער בעכער אַן איבערגעפולטער מיט שיכּרות.

וואָס זשע וויל זי פון מיר,
דאָס גרויסע, פרעמדע ווײַב פון אַלע שפּיגלען,
וואָס יאָגט מיך נאָך מיט אַלע שויבן,

וואָס רופט מיר נאָך אין יעדן טאַקט פון מײַנע שיך
און וואַקסט אויס קעגן מיר מיט לאַנגע שאָטנס
פון אונטער מײַנע טריט ?
די איינזאַמע, פאַרלאָשענע,
די אויסגעזויגענע און לערע,
ווי קען אונדז דער זעלביקער וועג גאָר פאַרטראָגן צוזאַמען ?
ווי קען אונדז דער זעלביקער טאָג גאָר פאַרוועבן צוזאַמען ?
און ווי קען אונדז די זעלביקע נאַכט גאָר בעטן דאָס זעלבע געלעגער ?

נאָר סײַ ווי,
זי וועט מיך קיינמאָל ניט דעריאָגן.
נאָר סײַ ווי,
זי וועט מיך קיינמאָל ניט דערגרייכן.
מיך, די באַרירטע —
נאָך אַלץ ניט קיין באַרירטע.
מיך, די פאַרזוכטע —
נאָך אַלץ ניט טועם געוועזענע,
איך, די אייביקע —
איך לאַך...

— — — — — — — — — — — —

זי לאַכט אויך...

## ליבע־ליד פון אַ פּאַרמיטענער...

איך האָב דיך ניט באַגריסט —
איך האָב דיך ניט געזעגנט.
איך ווייס ניט, צי דו ביסט,
צי ביסט גאָרניט געווען —
דאָך האָב איך דורך די נעפּלען און דורך רעגן
דיך אַ זוכנדיקן
אינעם זעגל־ווײַס געזען...

איך האָב געוואַרט אויף דיר,
נאָר דו ביסט ניט געקומען.
פּאַרמיטן האָט דײַן שיף די אָרעמס פון מײַן פּאָרט.
אויף מײַנע בייטן שמעקן שוין
פון אייביקייט די בלומען
און מײַנע שטערן שרײַבן שוין
דאָס קאַלטע וואָרט...

דאָך וועל איך אויף דיר וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן...
אַפילו דעמאָלט, ווען איך וועל
און וועל שוין מער ניט זײַן —
כאָטש שנייִ וועט צודעקן די בייטן פון מײַן גאָרטן...
כאָטש שלאָפן וועלן אַלע שיפן אין די פּאָרטן...
וועט ערגעץ נאָך מײַן ווידערשײַן
אַרומזוכן דײַן שײַן.

# לאַנדשאַפט

ס'קניט אַ ווערבע אין מײַן האַרץ.
אירע צווײַגן זײַנען בלוי
און מײַן טרער, וואָס נעמט דיך אויף,
איז דער ווערבעס תּפילה — טוי.

ס'פליסט אַ טײַך אַדורך מײַן האַרץ,
איז זײַן וואַסער: זילבער־זײַד,
און מײַן האַנט, וואָס גלעט דײַן קאָפּ,
כוואַליעט אויס זײַן שטילע פרייד.

ס'ציט אַ פּלויט זיך אום מײַן האַרץ,
פירט דורך אים אַ קליינע טיר
און מײַן מויל, וואָס אויף דײַן מויל —
קושט אַ סטעזשקע אויף פאַר דיר.

ס'שטייט אַ כאַטע אין מײַן האַרץ
און זי שליסט די רגע אײַן —
לאָזט נאָר מיך צו דיר אַרויס,
לאָזט נאָר דיך צו מיר אַרײַן.

# אילוזיע

נישטאָ מער אויף ווען צו וואַרטן —
אויף דעכער הענגט שוין די נאַכט.
געקומען שוין אַלע באַנען,
נאָר קיינע האָט דיך נישט געבראַכט.

אומזיסט איז דאָס שטיין אַ פאַרקלעמטע
און בעטלען ביַי שווייגנדער טיר —
געקומען אַזוי פיל בריוו היַינט,
נאָר קיינער, קיין איינער פון דיר.

אומזיסט איז דאָס שפּאַנען דורך גאַסן
אין גרויען, פאַרנאַכטלעכן ליכט
און זוכן מיט הונגעריקע אויגן,
צי ס׳טויכט ניט ווו אויף דיַין געזיכט.

אומזיסט איז דאָס קוקן אין שויבן
פון אויטאָס גאַס איַין און גאַס אויס
און טראַכטן, אַז אפשר גאָר זוכסטו
מיַין שוועל און דעם נומער פון הויז.

נישטאָ מער אויף ווען צו האָפן —
דו ביסט אַן אילוזיע געווען.
איצט דאַרף מען בלויז לייגן זיך שלאָפן,
ווי קיינמאָל וואָלט גאָרניט געשען.

נאָר ס׳קלימפּערט צעבראָכן דאָס האַרץ מיר,
ווי גלאָז פון אַ הוילער לאַמטער.
אָ, ווער וועט פאַרלעשן דאָס פלעמל?
און זאָגן מיר: וואַרט שוין ניט מער.

# אָל־רײַט

פּאַרטוליעט כ׳וואָלט פינגער די קאַלטע
אין דײַנעם אַ וואַרמען באַריר
און אויפגעלייזט טרערן פֿאַרשפּאַרטע,
ווען עפנסט אַצינדער מײַן טיר.

כאָטש בעסער איז גראָד זאָלסט ניט קומען.
ביסט נענטער מיר נאָך פֿון דער ווײַט
און טיפער דערגרייכט מיך דײַן שטומען,
ווי ס׳וואָלטן מיך איצט דײַנע רייד.

אַ שאָד נאָר די פינגער, די קאַלטע,
וואָס בענקען נאָך דײַנס אַ באַריר.
אַ שאָד נאָר די טרערן פֿאַרשפּאַרטע,
וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף דיר.

וואָלט בעסער געווען זאָלסט שוין קומען —
מײַן גוף זאָל שוין זײַן זאַלבעצווייט,
כאָטש זי, מײַן אַליינע נשמה,
זי איז מיט איר אומעט אָל־רייט.

## דער בוים פון ליבע

זיי האָבן ניט געוווּסט,
אַז ליבע איז אַ בוים, אַ זעלטענער,
פון צאַרטן, דינעם גליק —
וואָס טאָמער האַקט מען אָפּ ביַי אים אַ צווײַג
וואַקסט זי שוין מער ניט אויס צוריק.

זיַי האָבן זיך געוווּנדערט,
וואָס דער שמייכל צווישן זיי
האָט אַלע טעמען פון אַ טרער —
און ניט פאַרשטאַנען, אַז אַ צוויַיגנלאָזער שטאַם
איז שוין קיין בוים ניט מער.

## בײַם פענצטער

זיי זײַנען געשטאַנען בײַם פענצטער
און געהאַלטן זיך פאַר די הענט.
זיי האָבן געוואָלט זיך ליב האָבן
און ניט געקענט.

זיי זײַנען געשטאַנען בײַם פענצטער —
די אויגן מיט טרערן פאַרבלענדט.
זיי האָבן געוואָלט זיך צעשיידן
און ניט געקענט.

דער פראָסט האָט געהעקלט ספּיראַלן
אויף שויבן מיט דראָטן פון שניי —
ס׳איז אַלץ שוין געווען פאַרפאַלן
און נאָך ניט געווען פאַרבײַ...

## שפּיל, גיטאַרע...

כ׳וועל צעלאָזן מײַנע מידע לאָקן,
פֿאַלן זאָלן זיי ווי גרויער שניי —
מײַן געליבטער איז אַ יונגער זקן
און אין גאָרטן וועלקט דער מײַ...
שפּיל, גיטאַרע...

שפּיל, גיטאַרע, עפּעס ווייכעס,
עפּעס מילדעס, זיס ווי ווײַן.
בעט אַרום די נאַכט מיט וואַטע,
אַז זי זאָל אונדז האַרט ניט זײַן.

טו פֿאַרוויקלען דעם זכרון
מיט באַנדאַזשן פֿון דער פֿרייד.
טו פֿאַרדעקן אַלע וווּנדן
מיט אַ פֿריילעך, שיכור קלייד.
שפּיל, גיטאַרע...

שפּיל, גיטאַרע, עפּעס ווילדעס,
עפּעס הייסעס, שטאַרק ווי ווײַן.
טראָג אַוועק אונדז פֿון די גערטנער,
וווּ עס בליט אונדזער געוויין.

מאַך אונדז טאַנצן אויף דײַן סטרונע,
גלי אונדז אָן מיט דײַן באַריר.
מירן זײַן דײַנע דימענטן,
דו — די האַנט פֿון יוּוועליר.
שפּיל, גיטאַרע...

## אַקוואַריום

די נאַכט איז אַ גרינער אַקוואַריום —
און דו ביסט אַ פישל פון גאָלד.
און איך בין אַ גראָזיקע פּאַלמע,
וואָס וואָלט מיט דיר שלווהן געוואָלט.

נאָר דו האָסט די אויגן אין אומרו —
און איך האָב די וואָרצלען אין רו.
נאָר איך בין דאָס אייביקע וואַרטן —
דאָס אייביקע שווימען ביסטו...

טאָ לעבן מיר — גאָלדפיש און פּאַלמע
צוזאַמען דאָ אונטערן גלאָז.
צוזאַמען און אייביק באַזונדער,
ניט שייַך צו פרעגן פאַרוואָס...

# אויב...

אויב ביסטו אַ טײַך —
בין איך דיר דאָס זאַמד, וואָס מאַכט קלאָר דײַנע שטראָמען.
אויב ביסטו אַ ים —
בין איך דיר דאָס זאַלץ, וואָס איז אין דיר פֿאַראַנען.
אויב בין איך די ערד —
ביסטו מיר מײַן הימלישער שפּיגל.
אויב בין איך אַ ווינט־מיל —
ביסטו מיר דער ווינט אין די פֿליגל.
און ווער ס׳וועט זיך שטעלן צווישן אונדז
און וועט וועלן אַלע טירן פֿאַרמאַכן,
פֿון דעם וועלן מיר לאַכן
און לאַכן און לאַכן...

און ווער עס וועט קענען
אין נעצן פֿון גרוי דיך מיט לאַנגווײַל פֿאַרוויגן,
און ווער ס׳וועט באַווײַזן
מיט שאָטנס פֿון גלײַכגילט מײַן שמייכל באַזיגן,
און ווער עס וועט קענען
מיט נעפּלען פֿון פֿרעמדקייט דײַן בענקען פֿאַרשטילן,
און ווער ס׳וועט באַווײַזן
מיט אײַז־קאַלטן ווייטיק מײַן פֿײַער צו קילן
און ווער ס׳וועט זיך שטעלן צווישן אונדז
און ער וועט אַלע טירן פֿאַרמאַכן —
דער מעג פֿון אונדז לאַכן
און לאַכן און לאַכן...

# ראַנדעווו

די גרעסטע פרייד איז די, וואָס קומט מיט דיר פון דרויסן.
די בעסטע בשורה — די, וואָס זאָגט אָן דײַנע טריט.
דאָס העלסטע ליד איז דאָס, וואָס ס׳זינגען דײַנע אויגן.
דאָס מילדסטע וואָרט איז דאָס, וואָס ברענגסט עס מיט זיך מיט.

די שטילסטע רו איז די, וואָס טריפט פון דײַנע פינגער.
דער זיסטער סוד איז דער, וואָס שמייכלט אויף דײַן ליפּ.
דער טיפסטער חלום בליט אין דײַנע קושן.
די שענסטע מעשה — אין דרײַ ווערטער: כ׳האָב דיך ליב.

# לאַך צו מיר...

לאַך צו מיר,
ווי ס'לאַכן די ברונעמער אין דרויסן צו דעם ווידערקול.
וויין צו מיר,
ווי ס'וויינען אין דרויסן די נאַסע שאָסייען צום אין־סוף.
שטאַמל צו מיר,
ווי ס'שטאַמלען די דעכער אין דרויסן צו כאַטעס —
און זאָל מיך צעוויגן דײַן שטומע דערוואַרטונג,
ווי ס'האָט די דערוואַרטונג צעוויגט דרויסן ס'טויער...

באַפאַל מיך,
ווי ס'באַפאַלט דער דונער די אָזערע אין דרויסן.
צינד מיך אונטער,
ווי דער בליץ צינדט אונטער די נאָפּלען פון די בערג.
קלאַמער מיך אַרום,
ווי דער ווינט קלאַמערט אום דרויסן די טרעשטשענדיקע סאָסנעס —
און זאָלן באַכליאָפּען מײַן לײַב דײַנע קושן,
ווי דרויסן באַכליאָפּעט דער רעגן
דאָס לײַב פונעם וווּיצענעם פעלד.

שרײַ צו מיר,
ווי דער שטורעם שרײַט דרויסן צו שיכרות.
רײַס מיך אויף,
ווי דער הימל רײַסט אויפעט די ערד.
דעמאָלט וועט זיך פּאָר אונדז אויפריגלען, באַגערטער,
דער שלאָס פון אַ הערלעכער שטילקייט.

# פרישטיק

עס איז אַזוי ווײַט פון דיר צו מיר,
ווי פון דער טרער ביז צו געלעכטער.
עס איז אַזוי נאָענט פון מיר צו דיר,
ווי פון דער נאַכט ביז צום טאָג.

איך וועל מיך פעדערן הײַנט אין דער פרי
און אָפקערן מיט אײפערדיקן בעזעם
די שאָטנס פון דער פרעמדקייט,
וואָס ס׳האָט אויסגעשפּרייט דער שלאָף
צווישן אונדז ביידן.

אַ פריש געוואַשענע וועל איך אַרויסגיין
און אויפשעפּן אַ פולן קרוג
פון קלאָרער בלויקייט
און זי צוטראָגן צו דײַנע ליפּן.

אָפּברעכן וועל איך מיט זויבער־אומשולדיקע הענט
אַ שטיקל פון דער וואָרעמער געטרײַשאָפט —
דער פרישגעבאַקענער זון
און זי אַװעקלייגן פאַר דיר
אויף אַ ווײַסן טיש — ווי אַ גאָלדענעם לאַבן.

איך וועל אויסלײַען ביי דער אויפגעוואַכטער קאַץ
די פוטער פון איר פאַרגלעטנדיקער ווייכקייט —
און פון דער וואָרקענדיקער טויב,
וואָס איז נאָר וואָס אַרויס מתפּלל זײַן
אויפן ליכט־באַזוימטן דאַך,
וועל איך אויסבעטן אַ ביסל צוקער
פון איר באַלזאַמירנדיקער זיסקייט.

איך וועל אַ לויף טאָן
נאָך דער נײַגעריקער, יונגער וועווערקע,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהער פונעם פּאַרק
און אויסנאָרן בײַ איר די ווילדע ניסלעך —
רגעס יאָדערדיקע פון צעשטיפּטער פרישקייט.
איך וועל זיי צעמאָלן אויף אַ זינגעוודיקן מילעכל
און פאַרבריען פאַר דיר אַ קאַווע‌דיק ליד.
איך וועל אָפּפּליקן אין מײַן קנייטשלאָזן,
אויסגעפּרעסטן פאַרטעך אַרײַן
די שלווה־בליקן פון די ראָזע שול־קינדער
און וועל זיי ווי זאַפטיקע טרויבן
שטעלן פאַר דיר אין אַ געפלאָכטענעם קיישל.

און בײַם מידן נאַכט־וועכטער, וואָס גייט אַהיים איצט
אָפּשלאָפן זײַן טאָג, וועל איך אויסבעטלען
דאָס בלימל חכמה, וואָס ער טראָגט פאַרשטעקט אין לאַץ,
און עס אַרײַנשטעלן אין אַ קרישטאָלענער וואַזאָנע...

דערנאָך וועל איך מיך זעצן
צווישן דעם געלעכטער און דער טרער,
דער נאַכט און דעם טאָג —
פונקט אַנטקעגנאיבער דיר.

# קינד

אַמאָל האָבן בלומען געבליט
אַזוי בלייך אויף מײַן שטוביקן פענצטער —
הײַנט בליט אויף ליפּ פון מײַן קינד
פון שמייכלען, דער שמייכל דער שענסטער.

אַמאָל האָב איך לידער געשפּינט
און דער ניגון — אַ קוים, קוים געהערטער.
הײַנט איז מײַן ניגון — אַ קינד
און מײַן שווײַגן זינגט העלער פון ווערטער.

אַמאָל האָב איך פריידן געזוכט —
און הײַנט קום איך פריידן צו געבן
צום גרויסן בלוי־אויגיקן ליכט,
וואָס שפּרײַזט דורך דער לענג פון מײַן לעבן.

# אַ קלייד פאַר מײַן קינד

איך וואָלט דיר אויפגעניית אַ קלייד, מײַן קינד,
פון לויטערער, טיולענער פרייד
און וואָלט דײַן קאָפּ באַצירט מיט אַ הוט
פון צעשמייכלטן, זוניקן זײַד.

איך וואָלט דיר אָנגעטאָן אַ פּאָר פּאַנטאָפל
פון דורזיכטיקן, שוועבנדיקן גלאָז
און וואָלט דיך אַרויסגעלאָזן פון מײַן טיר
מיט בוקעטן פון צוזאָג, פון גרין און פון ראָז.

איז אָבער דרויסן אַזוי קאַלט, מײַן קינד,
און ס׳לויערט אויף דיר דרויסן אַ הפקרער ווינט.
ער וועט צעפּליקן דאָס טיולענע קליידל פון פרייד,
באַכליאַפּעט וועט ווערן דײַן היטל פון זוניקער זײַד.

צעשפּליטערן וועלן די שיכלעך פון דינינקן גלאָז,
אין בלאָטע וועט ליגן דער צוזאָג פון גרין און פון ראָז.
שוין הער איך פון ווײַטן דײַן הילפלאָז, דײַן קינדיש געוויין:
מאַמעלע, לאָז מיך ניט איבער אַליין!

וואָלט איך דיר אויפגעניית אַ קלייד, מײַן קינד,
פון מײַן אייגענעם טונקעלן צער
און דיר איבערגעניטשעוועט מײַן הוט פון דערפאַרונג
צו באַשירמען דיך פון דער געפאַר.

וואָלט איך דיר אָנגעטאָן מײַנע אייגענע שיך,
געקאָוועטע מיט נעגל פון שטעכיקער פּײַן,
און וואָלט דיך אַרויסגעלאָזן פון מײַן טיר
מיט אַ טאַש־לאָמפּ פון חכמה, פון ווײסנדיקן שײַן.

איז אָבער דרויסן אַזוי קאַלט, מײַן קינד,
און ס'לויערט אויף דיר דרויסן אַ הפקרער ווינט.
ער וועט צעפּליקן דאָס פֿאַלדיקע קלייד פֿון מײַן צער,
אַנטבלויזן דײַן בוזעם פֿאַר פּחד, דײַן קאָפּ פֿאַר געפֿאַר.

און זינקען וועלן די נעגליקע שיף אין אַ זומפּיקער געץ.
דער טאַש־לאָמפּ פֿון חכמה וועט ווערן דאָס אויג פֿון אַ לץ...
שוין הער איך פֿון ווײַטן דײַן הילפֿלאָז, דײַן קינדיש געוויין:
מאַמעלע, לאָז מיך ניט איבער אַליין!

אַזאַ שלימזלדיקע נייטאָרין דײַן מאמע,
קען קיין קלייד ניט נייען פֿאַר איר קינד.
שטעכט און שטעכט און צעבלוטיקט בלויז איר אייגענע נשמה
און איר קאָפּ פֿאַרנאַרישט און איר אויג פֿאַרבלינדט.

אָ, אַלץ וואָס כ'קען דיר אויפֿשטעכן, מײַן ליכטיק גאָלדן קינד,
איז אַ לײַוונט העמד פֿון ליבשאַפֿט, גאָרניט מער.
אַלץ וואָס כ'קען דיר מיטגעבן — איז ברכות
אין אַ הייסער שאַל פֿון מײַנס אַ טרער.

און לאָזן אין דרויסן, קינד, מוז איך דיך לאָזן אַליין.
אפֿשר אין העמדלעך פֿון ליבע איז לײַכטער צו לערנען זיך גיין.
זיץ איך און שטעך און איך שטעך צווישן שטוביקע ווענט
און ס'פּלאַטערט אין מיר דאָס האַרץ און ס'ציטערן בײַ מיר די הענט.

# קינדער מײַנע

קינדער מײַנע, ליכטיקע מנורות,
וואָס איך טראָג אײַך אויסגעשטרעקטע
צו אַ מאָרגן, איבערמאָרגן.
פּירט מיך, פירט מיך,
כ׳וועל אײַך נאָכגיין,
ווי אַ דורכגעגליטער שאָטן.
מײַנע הענט וועלן דורך אײַערע
פינגער אָנרירן די סודות
פון די ווײַטסטע אייביקייטן.
אײַנשליסן וועט איר מײַן פּוס־טראָט
אין די וואָרע קאַראַהאָדן
פון דערפילטע און באַשטימטע
האַריזאָנטן פונעם גורל.

קינדער מײַנע, הונגערס מײַנע,
דורשטן מײַנע און חלומות,
יעדער גאַרעניש און תאווה
פון מײַן גוף און מײַן נשמה,
וואָס איך טראָג זיי פון קדמונים
ציען זיך דורך אײַך און שטרעקן
צו באַהעפטונג מיט די טעמען,
מיט די ריחות, מיט די ליכטער
פון אַ הויכקייט גרענעצלאָזער,
פון אַ טיפקייט באָדנלאָזער
צו אַן אומשטערבלעכער זאַטקייט
פון אַ רינג, וואָס ווערט פאַרשלאָסן
אין דער גרויסער קייט פון תיקון.

קינדער מײַנע, לידער מײַנע,
אײַנגעקושט אין פאָרם פון ליפּן,

אײַנגעקנאָטענע אין גלידער,
אײַנגעצערטלטע אין אויערן —
טראָגט מיך, טראָגט מיך
פון מײַן שטאַמלען,
ווי אַ ווײַטער, ווײַטער עכאָ
צו דעם אורקוואַל פון אַ ניגון,
וואָס ער הויערט ערגעץ פולקאָם
אין אַ פאַרכטיק העלן היכל —
אין דער לײַטערונג פון שיינקייט,
אין דער פשטות פון דער קלאָרקייט —
צו דעם קלאַנג פון לויטער שלימות.

קינדער מײַנע, געטער מײַנע,
וואָס איר שפּאַרט מײַן הימל אונטער,
וואָס איר האַלט מײַן ערד צוזאַמען;
אײַערע אויגן, ווי מזבחות
טרינקען מײַנע נעכט פון סאַמעט.
מײַנע טעג, ווי בלויע לעמער,
גייען אויף אין זייערע פלאַמען —
כ׳בין מתפלל צו אײַך, כ׳דין אײַך
און איך קען קיין אַנדערע געטער
און איך קען קיין אַנדער צוזאָג;
איר — מײַן טרייסט און איר — מײַן גלויבן
איר — מײַן פעלדז און מײַן בטחון,
אײַערע פנימער — מײַן שכינה.

זיסע געטער און פאַרצוקנדיקע,
כ׳בין דאָס ברויט פאַר אײַערע ציינער.
כ׳בין די מילך און כ׳בין די פרי,
וואָס זי פלאַצט אויף אײַער גומען —
נעמט מיך, עסט מיך און פאַרצערט מיך.
איך זאָל קענען שטאַרקער קלאַפּן

אין דער פויק פון אײַערע הערצער,
אין דעם ריטעם פון אײַערע פולסן.
איר זאָלט קענען גוט באַשיצן
יענעם אָנהייב, יענעם קערן,
וואָס ס׳האָט אײַנגעזייט דאָס לעבן,
אַז אין שטילקייט און אין שלווה
זאָל איך קענען צו אײַך שמייכלען
פון מײַן קליינעם, ווײַסן וויגל...

# לויב

זאָלסט לויבן דעם טאָג,
וואָס איז ווי אַ שטייענדיק וואַסער —
אַ שפּיגל אָן אָפּשײַן.
כאָטש שעהן וואָס גליטשן
דורך אים זיך אַריבער,
ווי וואָגלאָזע גליטשערס געהילטע אין אָטעמס
פֿאַרמײַדן דאָס ליכטיקע אויג פֿון זכרון,
פֿאַרווישנדיק שפּורן
נאָך איידער זיי פֿאַלן — — —
זאָלסט לויבן דעם טאָג,
וואָס דו וועסט אים קיינמאָל ניט געדענקען.

זאָלסט לויבן דעם טאָג,
וואָס דו פֿרעגסט זיך זײַן נאָמען
און ווייסט ניט גענוי,
צי ס׳איז הײַנט, צי ס׳איז נעכטן
און אַלע חשבונות מיט זיך און מיט יענעם
שלאָפֿן פֿאַרמעקטע אין גרוי־ווײַסע שוואָמען,
און ווערטער געזאָגטע
און ווערטער געהערטע
זײַנען ווי פֿישלעך
וואָס פֿאַלן אַדורך דורך צעדריוולטע נעצן
אַרײַן אין דער שטומקייט.

זאָלסט לויבן דעם טאָג,
ווען עס טוט דיך ניט קוועלן
ניט גוף, ניט נשמה,
ווען ריירסט דײַנע גלידער
און וועגסט זייער לאַסט ניט
און הערסט ניט דעם דופק

פון צײַט אין דײַן בוזעם
און ס׳שוווִמען פֿאַרבײַ
פֿאַר דײַן מוח מחשבות,
וואָס זײַנען ווי פֿעדעם, וואָס האָבן קיין קנופּן —
ניט גאַנץ, ניט צעריסן.

זאָלסט ליבן דעם טאָג,
ווען עס קומען קיין בריוו ניט.
ווען הערסט ניט קיין בשורות,
ניט גוטע, ניט שלעכטע.
ווען ס׳קלינגט ניט דער גלאָק בײַ דײַן טיר
און דער טעלעפֿאָן שווײַגט
און דער הילכיקסטער עכאָ, וואָס גרייכט צו דײַן וועזן,
איז דער פֿון אַ קוש,
וואָס עס גיט דיר דײַן קינד
מיט פֿרישע, מיט טוי־פֿײַכטע ליפּן.

ווען ס׳טיקט זיך דאָס ליכט
און עס פֿאַלט צו דער סוף
און אין איין מיטאַמאָל
דערזעסטו זיך שטיין
אין אַ טיף, טונקל טויער —
קוק נאָך איינמאָל צוריק
צו דעם בלעזעלע וואָר
און ליב אים, דעם טאָג,
וואָס רינט אויס פֿונעם זײַן
אומבאַמערקט און פֿאַרשווינדט
אין דער נאַכט פֿון פֿאַרגעסן.

# דער בלויער באַלאָן

ס׳האָט אַראָפּגעהויכט צו מיר
די זײַדענע שעה פון שטילקייט,
ווי ס׳הויכט דורך שטאַפּלען פון לופטיקן אָטעם
אַראָפּ אַ באַלאָן אַ פאַרהאָנגענער
אין בלענדיקער העלקייט פון חלל.
אַזוי קײַלעכדיק און לײַכט
אין זײַן שאָרכלאָזן שווײַגן פון פולקייט,
ווי ס׳איז קײַלעכדיק און לײַכט
אַ ברכה
נאָך איידער מען ברענגט זי אַרויס אויף די ליפּן.

און איך, וואָס בין געלעגן דאָרט אין זומערדיקן טאָל,
אויף דער שוועל פון דער בלויער אָזערע
אונטערן אָפענעם טויער פון הימל —
ווי אַ סנאָפּ, אַן אונטערגעשניטענער;
מיט אַן ענגשאַפט אין בוזעם,
ווי ס׳וואָלט מיך די פויסט פונעם שניטער
אונטערגעבונדן אונטערן האַרץ
מיט לעדערנע רימענס און אײַזערנע ריטער —

און איך, וואָס בין געלעגן דאָרט אין זומערדיקן טאָל,
ווי אַ געקרייציקטע, וואָס קען ניט קיינעם אויסלייזן;
אפילו ניט איר אייגענער נשמהס איינגעווייד
פון אירע איך־יסורים, פון אירע טויזנט לײַד —
און געהערט ווי אין מײַן אייגענעם גאָרגל
קלימפּערט ס׳געוויין ניט דערוויינטע
האַרט און גרילציק און שווער,
ווי ס׳וואָלט אַ שטיין כראָפּעוואַטער
געוועזן אַ יעדע נישט דערשלונגענע טרער —

און איך, וואָס בין געלעגן דאָרט אין זומערדיקן טאָל,
אַ צוגעגאַנגלטע צו דער גרינער ערד
מיט די שפּיציקע נעגל פון גראָז,
ווי אויף אַ שיס־ברעט אַ גרינעם
עס ליגט אַ פאַרמשפּטער ווער,
וואָס פּילט דעם בראַנד פון זײַן זינדיקן האַרץ
ווי אַ קויל, וואָס האָט פון קדמונים
געטראָפן שוין אים.

און איך, וואָס בין געלעגן דאָרט אין זומערדיקן טאָל
אויף דער שוועל פון דער בלויער אָזערע,
אונטערן אָפענעם טויער פון הימל —
האָב ניט דערזען זי, ניט דערפילט זי,
ניט דערהערט זי, ניט דערשפּירט זי —
נאָר דעראַנט זי אין איר ציטער,
אין איר אָטעמלאָזן פליטער,
אין איר דינסטער, דינסטער דינקייט,
אין איר קײַלעכדיקער גרינגקייט;
די זײַדענע שעה פון שטילקייט —
דעם בלויען באַלאָן.

און מיטאַמאָל האָט אַ רחמימדיקער ווינט
די ערד גענומען גלעטן, די ערד גענומען קנעטן,
קישנס פון צאַרטקייט פון איר אויסצובעטן.
ביז זי איז ווייכער געוואָרן און גלײַכער געוואָרן.
ביז ס'האָט אין איר טיפקייט מײַן טרויער פאַרלאָרן
זײַן זאַק מיט יאָמער דעם שווערן.
און די גראָזיקע נעגל, ווי ס'וואָלטן זיי שערן
פון סאַמעטענער מילדקייט אונטערגעשאָרן,
האָבן זיך בייגן גענומען און לייגן גענומען
אונטער מײַן גוף.
און זייגן גענומען מײַן פּײַן
דורך אַ לײַלעך פון גרינקייט.

איז די ערד מיר אַ וויגל געוואָרן, געהוידעט פון ווינט.
און אַ נס איז געשען.
ס'איז מײַן איך פון אַנומלט אין וויג ניט געווען.
נאָר אין איר איז געלעגן אויף ווינדלען פון שלווה
אַ ווײַב, וואָס איז אַ קינד,
וואָס האָט איצט געעפנט די אויגן צו שטילקייט,
צו דין־דינער קילקייט,
צו צאַרטקייט און מילדקייט
פון אַ זײַדענער רגע —
אַ בלויען באַלאָן.
האָב איך אַ קוק געטאָן מיט מײַנע קינדישע אויגן
און דערזען, אַז דער טאָל, וואָס איך ליג אין אים
איז מײַן טאַטנס האַלב־צעעפנטע האַנט
און אין איר ליגט אַ גלימער־דיאַמאַנט —
אַ טראָפּנדל וואַסער — מײַן בלויע אָזערע.
ווי מײַן טאַטע וואָלט אַ טרונק געהאַלטן אַ גרייטן
פאַר זײַן היימיש געוואָרענעם פויגל;
אַ פויגל, וואָס איך ווייס ניט זײַן פּנים,
וואָס ער לאָזט אים אַרויס פון זײַן שטײַג
חסד און רו צו פּאַכן מיט זײַנע מעכטיקע פליגלען —
אַן אַנדערן חסד און אַנדערע רו
ווי די פון מײַן בלויען באַלאָן...

האָב איך אַ קוק געטאָן מיט מײַנע קינדישע אויגן
און דערזען, אַז די רוקנס פון די בערג אַרום טאָל
זײַנען די רונדיקע פינגער־שפּיצן פון מײַן טאַטנס האַנט
און דאָס זומענדל וואַלקן, וואָס איבער אים זעגלט
איז די ווײַסקייט פון זײַנע פאַרשווירענע נעגל.
האָב איך געוווּסט, אַז באַלד
וועט מײַן טאַטנס היימיש געוואָרענער פויגל,
דער פויגל, וואָס כ'ווייס ניט זײַן נאָמען
זיך אַוועקשטעלן אויף מײַן טאַטנס פינגער

און ווען אויסשטרעקן זײַן גיריקן שנאָבל
צו מײַן הימל פון טוי — זײַן טראָפּנדל בלאָ
און אויסזופן עס ביזן דנאָ...

האָב איך זיך אויפגעהויבן פון דער ערד
מיט מײַן גאַנצענעם גוף,
אַזוי לײַכט זיך אויפגעהויבן ווי אַ שוים,
ווי אַן אָטעם, וואָס מען זעט אים קוים.
ווי אַ פּעדער, וואָס מיט בלאָז פון ווינט
הייבט זיך אויף און שוועבט —
אַזוי גרינג ווי אַ באָרוועס קינד
אויף דער שוועל פון אַ בלויער אָזערע —
אין אַ שעה וואָס איז לינד...
און איך האָב פון מײַן ווײ, וואָס איז נישט געוואָרן,
מיט שפּיליקע פינגער וועבן גענומען
העקלען גענומען און ציען און שפּינען
אַ זײַדענעם פאָדעם, אַ לאַנגן און דינעם,
און האָב אים פאַרקייטלט אין בלויען באַלאָן
און אים אַראָפּגעצויגן פון זוניקן חלל
צו מיר אויף די הענט.

און דאַן האָט דאָס טויער פון הימל,
וואָס איז אַן אָפּנס געשטאַנען,
זיך אויפגעמאַכט פאַר מיר
און אַ חכמה, וואָס איז פּראָסט און קלאָר,
האָט אַ ברען געטאָן דורך מײַן אינגעווייד
מיט אַ דונער פון הייסער און בריאיקער פרייד
און קאַסקאַדעס פון בלענדיקן, שטראַליקן ליכט
האָבן אַ גאָס געטאָן אין מיר אַרײַן
דורכן קינדישן נײַגער פון מײַן געזיכט.

און ווען דער גאָס פון קוויקנדיקער שײַן
האָט דורכגעווייקט מיט פרישקייט מײַן טיפסטן געביין

איז מיר געבליבן דער אמת, וואָס האָט מיך דורכגעבליצט:
אַז קיינמאָל, קיינמאָל ניט — נאָר איצט
וועל איך וווינען אין אַ דירה וואָס הייסט: גוף.
אַז קיינמאָל, קיינמאָל ניט — נאָר איצט
וועל איך פילן גליק, וועל איך פילן לייד.
אַז הייליק און געבענטשט דערפאַר
איז וויטיק פונקט ווי פרייד,
אויב פירן זיי צו קלאָרקייט, וואָס באַשיצט
דעם זיווג צווישן מיר און לעבן.
אויב קען מען פון זיי אַ פאָדעם אויסוועבן
צו דעם שלימות פון אַ דורכזיכטיקער רגע —
צו אַ בלויען באַלאָן.

האָב איך אַ וואַנד געטאָן דאָס פּנים צו די אַלע דרייַ,
וואָס מייַן איצטער איז פאַרכנסט צו זיי.
צו מייַן יונגער טרייסט פון יאָרן גאַנצע נייַן,
מיט אירע זיסע אויגן — טרויבן פולע ווייַן.
מיט אירע צעפּ צעפלאָכטענע אין בלאָנדן נימפעדיקן שויבער,
מיט אירע ציין צעלויכטענע — די ווייַסע פרייד צעשטויבער
פון איר שפרודלדיקן, פליסיקן געלעכטער,
די יונגע טרייסט, וואָס איז מיר לויטער צויבער
און וואָס איך רוף זי: טאָכטער.

און צו מייַן יונגער טרייסט פון יאָרן דרייַ'ן אַ האַלב,
וואָס צווישטשערט זיסע חכמות ווי אַ שוואַלב,
וואָס ס'קלינגען גלאָקן אין די לאָקן פון זייַן קאָפּ,
וואָס טראָגט אַ פאַרשייַטן שטרוי־הוט פון אַ זונען־סנאָפּ,
וואָס האַלט אַ ריטל אויף די ציינער, ווי אַ פינגער אויף אַ פאָרטעפּיאַן;
ווי אַ שעלמיש פייַפל אין דעם מויל פון פאַן
און מאַכט מיך שיכור מיט זייַן ניגון און ווייס גאָרנישט דערפון.
די יונגע טרייסט, וואָס כ'רוף אים: זון.

שפּעטער בין איך צו צו דעם, וואָס שטייט מיר בײַ דער זײַן
צו דעם „איך“ וואָס איז מיר שכן און איז מאַן.
דער וואָס שפּרײַזט מיט מיר דעם ערדישן געשפּאַן.
וואָס מײַן „איך“ רופט אים: דו.
און דאָס קינד, וואָס אין מיר האָט געזאָגט צו דעם קינד,
וואָס אין אים:
איידער די נאַכט פאַרמאַכט טויער און טיר,
לאָמיר נעמען דעם בלויען באַלאָן,
וואָס רופט זיך: די רגע פון רו
און לאָמיר אַראָפּ אַלע פיר
צו דער בלויער אָזערע.

האָבן מיר אַרײַנגעשפּרײַזט אין דער בלויער אָזערע:
מײַן טרייסט און מײַן טרייסט און ער, וואָס מײַן „איך“ רופט אים: דו
און מיר האָבן זיך אין אַן עיגול
פאַר די הענט גענומען —
און צוגעלייגט די הויט פון אונדזערע ליפּן
צו דעם בלויען באַלאָן אין אונדזער מיטן.
און מיר זײַנען געשווומען...
און מיר זײַנען געשווומען...

און ווען מיר זײַנען געשווומען
האָט די אָזערע אין איר בלויקייט זיך דרייען גענומען.
צוזאַמען מיט אונדז, מיטן בלויען באַלאָן.
און אויף איר הויט האָבן רינגען און קרײַזן
געגרעדלט מיט אונדז אין אַ קוואַליקן טאַנץ,
ווי אַ קרענצל ׳ן אַ קראַנץ, אין אַ גרעסערן קראַנץ
און אויף די רינגען ווײַטער און נענטער
האָבן געקרײַזלט מיט אונדז די אַנדערע זיי,
וואָס האָבן מיט אונדז טאָג־ליכט געטרונקען
פריער צי שפּעטער.
און זיי האָבן זיך פאַר אונדז פאַרנייגט.

און מיר האָבן זיך פּאַר זיי פֿאַרנייגט.
און די בלוי האָט אונדז אַרומגענומען
און מיר זײַנען געשוווּמען...
און מיר זײַנען געשוווּמען...

וואָלט איך געוואָלט, אַז יענעם טאָג,
וואָס וועט מײַן לעצטער זײַן,
ווען ס׳וועט אויף פֿינגער פֿון מײַן טאַטנס האַנט,
דער היימיש געוואָרענער פֿויגל בלײַבן שטיין,
דער פֿויגל וואָס איך וועל דערקענען זײַן פּנים.
און דערקענען דעם טעם פֿון זײַן חסד און רו, —
אַן אַנדערן חסד און אַנדערע רו,
ווי די, פֿון מײַן בלויען באַלאָן —
און וועט אײַנטונקען זײַן שאַרפֿן שנאָבל
אין מײַן בלויער אָזערע.
און אויסזייגן פֿון איר מײַן לעצטע שעה.
דעם לעצטן נצוץ בלאָ.

זאָל איך דעמאָלט מיט זומערדיקער באָרוועסקייט
אַ טרעט טאָן אויף דער לעצטער דינער סטעזשקע לעבן
אויף מײַן טאַטנס האַנט.
אַזוי לײַכט, אַזוי לינד,
ווי אַן אויפֿגעוואַכט קינד...
מיט אַ שטריקל פֿול מיט פֿאַרביקע באַלאָנען
פֿון געל און בלאָ, פֿון פֿיאָלעט און רויט
ביז דער גרענעץ, ווען מײַן „איך" פֿון לײַב וועט ווערן אָפּגעשיידט.
און וואַרטן אויף די פֿעכער־פֿליגלען פֿון מײַן טאַטנס פֿויגל
וואָס איך וועל אים דעמאָלט רופֿן: טויט.

און איידער טאַטע וועט פֿאַרמאַכן מיך אין זײַן גוטער האַנט
און צומויערן אַ באַרג צו באַרג,
אַ פֿינגער צו אַ פֿינגער

איבער מײַן זכרון מיט אַ שוואַרצער וואַנט,
זאָל אָנשטאָט אַ פּעדער, צי אַ שפּיגל צו מײַן ליפּ
צופֿאַלן צו מיר די קײַלעכדיקע רו — די שטילערע פֿון גליק
פֿון אַלע רגעס, ווען מײַן האַרץ געווען איז גוט און זאַט
און זיי זאָל איך מיט מײַן לעצטן אָטעם־הויך
אַ בלאָז טאָן פֿון מײַן אײביקן געצעלט
אַרויס צום דרויסן, וואָס פֿאַרבלײַבט נאָך מיר
און וואָס מע רופֿט עס: וועלט.
אַז וויסן זאָל איך, אַז נאָך דעם ווי כ׳שטאַרב
שוועבן מײַנע רו־באַלאָנען דאָרט אין איר
מיט ליכטיקער, מיט בלויער און מיט ראָזער פֿאַרב.

# אַ ליד

זע, דער הימל האָט וואָלקנדלעך ווײַסע אויף בלויקייט צעוויקלט.
זיי גריסן מיך ווידער ווי שלומדיקע פענער.
נאָר דו, שינאה,
צעפּליקסט שוין דעם הימל אויף שמאַטעס אויף גרויע,
פֿאַרשפּײַסט שוין די שטילקייט פֿון ווײַסע געוועבן
מיט מבולס פֿון שוואַרצע, צעהוליעטע טענער.
פֿאַרשרײַסט אונדזער לעבן.

טאָ נעם, שינאה,
רײַס אויף זיך אין שלווהיקער שטילקייט פֿון וועלטן
מיט שפּײַאיקע קראַטערס פֿון אַטאָם־ווולקאַנען.
זאָל יעדער דײַן ציטער ווי אַ דונער אַ שאָל טאָן,
זאָל יעדער דײַן פֿיבער די פֿעלדזן צעשפּאַלטן
און זאָל אָנשטאָט עכאָ זיך קײַקלען דורך ערדן
דער לעצטער, דער מענטשלעכער קרעכץ.

צערייס זשע די טויבקייט פֿון הימל, פֿון לערן,
דאָס ליד דײַנס הייב אָן.
פֿאַרמעסט זיך צו הייכן, אַז גאָט זאָל דערהערן
מיט אויערן טיפֿע דײַן טאָן.

אָט האָסטו מײַן ליבע אונטער די פֿיס דיר
וו'אַ רויטע עסטראַדע פֿאַרשפּרייט.
הייב אויף דײַנע ווילנס, ווי אָרעמס ווי שוואַרצע
איבער אָרקעסטער — און שטײַג!

*

אויף ווײַסע קלאַווישן פֿון שוימיקע ימען
קומסטו צו שווימען.

אין צעציינערטע ברעגן טראָגט ערד דיר אַנטקעגן
איר גסיסהדיק ברומען.

שוין שטיי איך און קוק ווי פון מיַינע געצעלטן
צעפּאַלט זיך אַ וואַנט נאָך אַ וואַנט.
איך קען מער ניט בענטשן, איך קען מער ניט שעלטן —
נאָר גליען טו איך אין שאַנד.

אָט ריַיסטו מיך אָפּ פון די היימישע ברעגן —
ביסט שיכור פון גיפטיקער פרייד.
דו טאַנצסט מיר מיט וואַלדיקע שרפות אַנטקעגן
פון נאָענט און פון וויַיט.

שוין שווים איך אין דאָרשט פון די כוואַליעס אין ים
אַזוי טיף, ביז צום טיפסטן אַליין.
דו מינטערסט מיך אָפּעט מיט פליסיקן סם —
און דו זאָגסט מיר, ס'איז וויַין.

טאָ פלעכט איך צונויף אַלע נאַקעטע צוויַיגן
און קרוין מיר מיט דערנער דעם קאָפּ,
נאָר דו מאַכסט אַ חלף פון רעגענעם בויגן —
און האַקסט זיי מיר אָפּ.

אָט שפּיַיסטו מיך אויס מיט צעבריקעטע טיַיכן
אויף ערדישן, טויטן געזיכט
און רויכן פון טיפן און קנוילן פון הייכן
צעקוועטשן מיַין ווייטיק, ווי לאַפּעס געשטרעקטע —
פאַרלעשן אין אויג מיר דאָס ליכט.

ווער וועט אויף ליפּן פון איינזאַמע בערג
פאַרזיגלען מיַין טרוים?
ווער וועט ברענגען די בשורה פון גרינקייט
צום לעצטן פאַרשרפהטן בוים?

ווער וועט דעם זוים פון פֿאַרלוירענע וועגן
מיט לבנה־זײַד העקלען צום קלייד פון דער נאַכט?
ווער וועט ברענגען דעם זמר פון קוואַלן פֿאַרבענקטע
צו ימיק־צעהוידעטער טראַכט?

עס פלאַטערט מײַן אומרו אין האַרבסטיקע בלעטער —
ווער וועט טראָגן אין זיך זייער אימה־געציטער?
ס'צעקײַקלען מײַן אומקום די חושכע טאָלן —
ווער וועט זיי די שיינקייט פון פליינען אויסמאָלן?

ס'צעקײַכן די פעלדזן מײַן יאָמערדיק לאַכן —
ווער וועט די אָפּגרונטן וויסטע פֿאַרמאַכן?
עס בראַזגען אין טאַצן צעצונדענע בליצן —
ווער וועט צעפֿאַלענעם הימל באַשיצן?

נו, שינאה,
שטאַרקער דעם וויכער!
דערטאַנץ זיך צו לערקייטן ווילדער און גיכער!
פֿאַרפלאָנטער די וועגן,
פֿאַרגיס אַלע טײַכן
און זאָלן די תהומען
צו הימלען דערגרייכן!

ניטאָ מער קיין מיזרח,
ניטאָ מער קיין מערב.
אַ וועלט איז געוועזן אַ מאָל — איז זי חרוב.
ניטאָ מער קיין צפון,
ניטאָ מער קיין דרום.
שפּיל אויף דײַן נצחון,
דו שכורער שטורעם!

און הענגט נאָך אַ רגע ווו ערגעץ אַ שטילע —
טאָ נעם דײַנע גרעגערס און זעג דורך איר תפילה.

און ליגט נאָך אַ טרער פֿון מנוחה באַהאַלטן —
טאָ נעם דײַנע האַמערס און טו זי צעשפּאַלטן.

איך ליג און איך וואַרט,
עס זאָלן מײַן ליבע צעטרעטן
דײַנע באַנעגלטע שיך.
נו, שינאה,
גיי אויף באַגנעטן
מיט לידער, וואָס חלומען זיך.

נעם די רייף פֿון האָריזאָנט.
זי איז דאָך אַ שלאַנג.
זאָל זי מײַן ליבע פֿאַרלעשן
מיט טויטלעכן קוש פֿון איר צוואַנג.

נעם די רייף פֿון האָריזאָנט.
זי איז דאָך אַ שטריק.
פֿאַרבינד אין אַ שלייף
און מײַן ניגון דערשטיק.

נעם די רייף פֿון האָריזאָנט.
זי איז דאָך אַ פּויק
פֿון אייביקן בראַזגען צעקרומט.
צעקלינג זשע די פּויק און צעשמעטער די טאַצן,
ביז ליבע וועט פּלאַצן,
ביז ניגון פֿאַרשטומט.

*

נאָר זע,
עס שטייגט פֿון די תהומען אויף שפּיניקע לייטערס
צום הימל אַרויף גאָר אַ רוף פֿון טרומייטערס
און ווו ס׳איז קיין ערד און קיין תהומען פֿאַראַנען —

צעקרעכצט זיך דער באַס אין געלעגער פון ימען.
דאָס קרעכצט נאָך מײַן קלאָג־ליד...

פאַרבײַ שוין דײַן רײַטוואָגן מיט טויזנט צעשויבערטע פערד
און ניט צעטראָטן מיך מיטן לעצטן געשרײַ פון דער ערד.
...ס׳צעפּענען באַלקאָנעס די כמאַרעס די גרויע
און שטילקייט באַווײַזט זיך אויף זיי אַזאַ בלויע...

אָ, ליבע, ווי גרויס איז דײַן גבורה!
דו האָסט דײַנע הענט — שטיקער ווינט — אײַנגעגנורעט
אין מײַן קאָפּ.
דו גלעטסט אָפּ מיט לויטערע פינגער
דעם אַש פון מײַן מיידלישן צאָפּ.

אָט האָסטו מײַן אָטעם — אַ שמעטערלינג מידן
אויף חורבות אויף רויע געפונען.
אָט היילסטו מײַן קראַנקן, צעבראָכענעם ניגון
מיט טויזנטער זונען.

ביז קלאָר ווערט מײַן ווייטיק,
וו׳אַ דינער, אַ הייסער דיאַמאַנט,
און ס׳ציטערט מײַן ניגון —
אַ זײַדענע פידל,
בײַ דיר אין דער גליאיקער האַנט.

ציסטו דײַן סמיטשיק איבער דעם ניגון
אָט קוים צו באַרירן.
ציסטו מײַן יאָמער העכער און העכער
צום אָטעם פאַרלירן.

אָך, ווי ס׳טוט קלאָגן און אַך ווי ס׳טוט ווײ
אַ לעבן, וואָס וועקט זיך בײַם ראַנד פון פאַרגיי.

אָ, ליבע,
לאָז די פידל ניט אַליין...
לאָז די פידל ניט אַליין...

אין פעלדזיקע שפּאַלטן פון חרובע בערג
קײַקלען אַרײַן זיך צוויי טרעריקע קרעלן.
פאַרלעשן דעם גלי פון די ווונדן די שאַרפע.
אַט סטרויעט דער ים זײַנע שוימיקע וועלן —
ער גרייט שוין אַ האַרפע.

שוין האָבן די ווינטן געטוישט זייערע קליידער
און שטעלן זיך אויס נעבן מיר אין אַ שורה.
זיי וויקלען פונאַנדער די שאַלן כסדר —
און יעדער פון זיי טראָגט אויף הענט גאָר אַ לירע...

און דוכט זיך, ווי מײַלער, אין שמייכל אין ברייטן
צעציען זיך אָפּגרונטן דינע פון ווײַטן.
גלײַך ווי זיי וואָלטן מיך וועלן איבערבעטן,
שמייכלען זיי מילדע אַרײַן אין קלאַרנעטן,
בלאָזן זיי צאַרטע אַרײַן אין די פלייטן
און נעמען מײַן ציטריקן ניגון באַגלייטן.

און כ׳זע: אויף צעריסענע, שטיינינקע גריבער
טאַנצסטו אַרום שוין, דו, עקשן, — דו, ליבע.
דו ביסט אַזאַ יונגע, דו ביסט אַזאַ אַלטע
און ס׳גיסט איבער וועלט זיך דײַן גוטסקייט צעשטראַלטע.

שוין טרײַבסטו פונאַנדער די וואָלקנס פון הימל
און וועקסט דעם פרימאָרגן איצט אויף פונעם דרימל.
איבער די תהומען צעצינדסטו די ליכטער —
שוין שויבערט מיט דיר זיך אַ וואַלד, אַ געדיכטער...

אויף שטייניקע רוקנס שפּרייטסטו די טעפּיכער
אויס פון דאָס נײַ.
אין שלוּוהיקער רו פירסטו שטעגן דערפרייטע
דורך גרינקייט פאַרבײַ...

און הערסט זיך ניט אויף מיט די בלעטער צו גריסן
און קושן די שטאַמען מיט וואָרצלען צעריסן,
און הייבסט פון דער ערד אַזאַ זיסן געפּליטער —
אַ צאַרטן, אַ נײַעם, אַ יונגן געציטער.

אָ, ליבע!
איז עס דאָס ליד פון בראשית, וואָס ווייטיקט אַרויס
פון מײַן פידלישן ניגון?
אָט ליגט אונטער מיר שוין אַ לאָנקע אַ פרישע.
זאָל איך זי באַטרעטן?
זאָל איך די ערשטע מײַן שפּור אין איר לאָזן?
אָט שפּראָצט שוין אַ בלומיקער בעכער אין גראָזן.
שוין ציען צעהוידעט זיך גאַנצע בוקעטן
צום הימלישן בלאָ...
גוט מאָרגן, מײַן מיזרח,
דאָס לעבן איז דאָ.

גוט מאָרגן, מײַן מערב,
מײַן צפון, מײַן דרום,
עס קרייזט מיך מיט האָפן
אַרום אײַער אָרעם.

ניטאָ מער קיין ווייטיק, נאָר תפילה אַ דינע
באַפּערלט מיט שמייכל די לאָנקע, די גרינע.
איר וואָלקענעס ווײַסע, חלומות פון זײַד,
איך בין מיט אײַך חבר, פאַרזייט אין מיר פרייד!
אָט שמידט דאָך מײַן ליבע איצט פעלזן צוזאַמען.

שוין היילט זי די ווונדן אין לײַב פֿון דער ערד
מיט זיסע באַלזאַמען.

נאָך בין איך אַליין.
באַלד וועט זי מיר ברענגען דעם מענטש.
איך ליג אינעם גראָז פֿון דער לאָנקע, דער טיפֿער
און כ׳וויין.
איך ליג אינעם גראָז פֿון דער לאָנקע, דער טיפֿער
און כ׳בענטש.
אַ קוואַל שפּראָצט אַרויס אונטער יעדער מײַן טרער.
פֿון ערד און פֿון הימל גייט אויף אַ באַגער.
איך הער די טריט
פֿון אַ נײַעם בראשית.

# אַרויס פון גן־עדן

ס׳פלעגט אדם דער מאַן מיט חוהן דעם ווײַב
פּלאַפּלענען רייד, ווי עס פּלאַפּלען די צווײַגן,
מורמלען, ווי ס׳מורמלען די קוואַלן בײַ נאַכט
און זשומען ווי בינען זאַטע פון זייגן.

אַ ריידן אַזאַ איז ווי ס׳קלאַפּן פון האַרץ —
עס איז דאָ, נאָר מען טוט עס ניט הערן.
ביז איין מאָל האָט אדם אַ חלום געהאַט
און זײַן לשון האָט וואָרט געוואָלט ווערן.

*

זע, חוה,
עס שליסט זיך די ערד מיטן הימל צוזאַמען
בײַ אונדז אין דעם גרינעם גן־עדן.
סײַ ערדישע שטאַמען, סײַ הימלישע תהומען
זיי זײַנען אַ שטײַג פאַר אונדזביידן.

און איך וואָלט דעם הימל, דעם אייביק צעבלויטן
פון ערדישן לײַב אָפּגעשניטן,
אַז הימל זאָל אויבן זײַן, ערד זאָל זײַן אונטן
און מיר צווישן זיי אין דער מיטן.

דאָ שטייען די ביימער מיט זאַטקייט באַהאָנגען
און שפע, זי פאַלט פון די צווײַגן.
דאָך פעלט דאָ די פייגל דאָס האַרץ צו געזאַנגען,
און ס׳פעלט דאָ דער עכאָ פון שווײַגן.

אָ, חוה, מיר טרוימט זיך פון טונקעלע טיפן
מיט שטאַמען ווילד, צעפרעסן און הויל —

און אָנשטאָט דעם זאַפט פון די פּירות זאָל טריפן
דאָס שפּײַעכץ פון דעם הונגעריקן מויל.

דאָ טוען דיביימער מיט שלומערס מיט קילע
מײַן נאַקעטע ענגשאַפט באַקליידן.
די אייביקייט גליווערט אויף בלומען אויף שטילע
בײַ אונדז אין דעם גרינעם גן־עדן.

און איך וואָלט מיט צוואַנגען געביסן די בלומען,
געשניטן די גליווער־געוועבן.
עס איז הײַנט אַ וואָרט מיר צו חלום געקומען:
דעם נאָמען פון וואָרט רוף איך: לעבן.

דאָ לעקט אויס די זון ווי אַ קאָטער אַ געלער
אַ יעדערן סוד, וואָס באַהאַלטן.
לייגט קאָטער זיך שלאָפן — קומט קאַץ די לבנה,
מיט שטערן די שאָטנס צעשפּאַלטן.

און איך וויל די קאָטערשע אויגן אויסשטעכן,
אַז פינצטער אַרום אונדז זאָל ווערן.
איך וויל דער לבנה איר נאַקן צעברעכן
און קוילען איר כנופיה פון שטערן.

איך וויל, אַז אַ נאַכט זאָל פאַרגיסן דעם הימל,
פאַרלעשן די ליכטיקע פאַרבן.
איך האָב מיר אַ וואָרט הײַנט געפונען אין דרימל:
דעם נאָמען פון וואָרט רוף איך: שטאַרבן.

אויף דיר זײַנען, חוה, צו ליכטיק די אויגן,
צו זיס און צו גלאַטיק די גלידער,
און רוף איך דיך — קומסטו און טרײַב איך דיך — גייסטו
און וויל איך דיך, שמייכלסטו ווידער.

דו טרינק מיך אָן, חוה, מיט אויגן צוויי פולע
פון סם און פון האָניק, זאָלסט שרעקן.
זאָלסט ווי טאָן און פרייד טאָן. דורך דיר זאָל מײַן תפילה
צום לעבן אויף ליפּן זיך וועקן.

מיר האָט זיך אַ חלום אין חלום געחלומט,
פון חלום — אַ וואָרט איז פאַרבליבן.
עס וואַקסט פון די ערדן, עס שטאַמט פון די הימלען:
דעם נאָמען פון וואָרט רוף איך: ליבן.

דאָרט שפּרײַזט דער באַשעפער אַרום אין גן־עדן,
פאַרגעמסט דעם געשאָרך פון סאַנדאַלן?
ער הערט מײַנע ווערטער און גיט קיין באַשיידן,
ווי ס'וואָלט נאָר אַ בלעטל געפאַלן.

צו נאָנט איז מיר גאָט דאָ, צו לאַסט זײַנע זאָרגן,
צו הייס מיר תמיד זײַן גנעדיקע האַנט.
ווו זאָל איך פאַר אים זיך, אָ, חוה, פאַרבאָרגן
אין זײַן גרינעם גן־עדנישן לאַנד?

פון דאָרטן, מײַן טרײַע, פון יענער זײַט טויער
לויערט אויף מיר אַ פליגלדיק וואָרט.
וואָס ליכטיקער ס'איז דאָ, וואָס זאַטער און בלויער,
מערער טוט עס מיך רופן פון דאָרט.

ווען גאָט וואָלט, אָ, ווײַב מײַנס, פון אונדז אָפּגעוואָנדן
אויף אַ רגע זײַן הייליקן בליק,
דאַן ווייסטו, ווי כ'וואָלט אַזאַ רגע גערופן?
אַזאַ רגע גערופן כ'וואָלט גליק.

*

און גאָט, דער געטרײַער, האַלט אָפּן דאָס אויער,
דורך צווײַגן גרינע הערט ער זיך אײַן

און ס׳טריפן אַראָפּ אים פון באָרד און פון פּאות
די טרערן פון זײַן גרויסן געוויין.

— דו קינד פון מײַן חלום, אָ, זון מײַנער, אדם,
די בליקן דײַנע צו מיר דערהויב!
וואָס ביסטו דען, אָדם? אַ הויך פון מײַן אָטעם.
און וואָס נאָך ביסטו, אדם? נאָר שטויב.

איך האָב דיך געקנאָטן אין ליים פון מײַן טרויער,
דײַן האַרץ אין ליבשאַפט־פלאַמען געברענט,
דו זאָלסט אין געצעלט, אונטער חופּה דער בלויער
צו שיינקייט שטרעקן דײַנע צוויי הענט...

איך האָב דיך באַשאַפן זאָלסט שלווהדיק רוען,
פאַר דײַן שמייכל, מײַן צער האָט באַצאָלט.
ס׳איז פאַר יעדער דײַן תנועה, יעדן דײַן טוען
געווען תוהו־ובוהו אַמאָלט.

אָט וואַקסן דירביימער, דאָ רייפן דיר פּירות,
עס קושט די פּוסטריט דײַנע די בלום.
ווײַל וואָרצלען אַנטפּלעקטע פון זייערע מקורות
קלאַמערן דיך מיט יאוש אַרום.

אָט קרייזלען די פייגל, זיי עפענען דעם הימל.
וועבן דײַן ליד אויף פעדעמער זײַד.
ווײַל שטילקייט זי עפנט נאָר תהומען פון ווייטיק,
לויערט אויף פּחד אָנשטאָט אויף פרייד.

דיר גאָלדיקט אַ זון, דיך באַזילבערן שטערן —
ליכט איז פאַר דיר געוואָרן, מײַן קינד.
ווײַל פינצטערניש פירט דיך פון זײַן צום ניט־ווערן
און די נאַכט מאַכט דיך אָרעם און בלינד.

און כ'האָב נאָך אַ צוגאָב, אַ ווײַב דיר געגעבן,
דו זאָלסט ניט מוזן איינער אַליין
זיך שפּײַזן מיט פולקייט און שפע פון לעבן,
זאָלסט מיד פון יום־טוב קיינמאָל ניט זײַן.

און אַל פון דעם גוטן ווילסטו זיך באַפרײַען
דרויסן זוכן אַ ניצוץ פון גליק?
איך וואָלט דיך געלאָזן שוין, זון מײַן געטרײַער,
נאָר ווער ווײסט, קינד, דיך ברענגען צוריק?

און אדם, ער שטייט און ער האָרכט און ער ציטערט.
אײַזיקער פראָסט צעפיבערט די רייד:
— אוי, טאַטע, — ער פּרעפלט — מיך רופט דאָס געוויטער,
צאָלן איך וויל אַליין פאַר מײַן פרייד.

און וואָס איז די פרייד דען, צי ווייס איך עס, טאַטע?
וואָס איז די שיינקייט? ענטפער דײַן קינד.
און ווייס איך וואָס ליכט איז? מײַן אויג איז לעת־עתה
ניט געוועזן נאָך פינצטער, ניט בלינד.

און אדמענס שאלות זיי פאַלן און פאַלן,
אַ טעפּיך פון ווערטער פאַרשפּרייט ער.
און ס'טרעטן אויף טעפּיך גאָטס אָוונט־סאַנדאַלן
אַלץ ווײַטער און וואָס אַמאָל ווײַטער...

און אדמענס ווערטער זיי פאַלן אויף גראָזן,
זיי הענגען אַראָפּ פון קווייטן די גרינע,
זיי טוען, ווי האַרבסטיקע טשאַטעס, זיך לאָזן
צום פלויט פון גן־עדן־מדינה.

*

און פלוצעם צעשווידערן ווערטער זיך אַלע,
וואָס הענגען אויף צווײַגן און בלומען —

דאָס איז זי, די שלאַנג מיט די היפּטן ספּיראַלע
צו אדם און חוהן געקומען.

אַט איז זי געקומען אויף פיס אירע דינע,
אויף גוף אַזוי שלאַנק ווי אַ צעדער —
אַט נעמט זי אַראָפּ איצט איר פּראַכט־פּעלערינע
פון עכטן גרין־שלאַנגישן לעדער.

אַט שמייכלט זי קלוג מיט איר שלאַנגישן שמייכל
און קושט איר רויטן חלף — די צונג.
אַט גיט זי אַ גראָז און אַ קוסטע אַ טרייסל,
טריטלט פויל און איז דאָ מיט אַ שפּרונג.

און לאַנגזאַם פאַרשטריקט זי די הענט ווי מיט שפּיזלעך
רינג צו רינג דורך אדמענס אָרעם
און קוקט צי מען הערט ניט אויף מערב און מיזרח,
צי שטיל ס׳איז אויף צפון און דרום:

— שפּרייט אויס אים, דעם טעפּיך פון ווערטער, אַ שכנים,
אַ וועג טרעט אויס צום בוים פון וויסן.
דאָרט הענגלט דער עפּל, וואָס וואַרט פון קדמונים
צו ווערן דורך נײַגער צעביסן.

אין עפּל פאַרמאַכט איז דער שליסל צום טויער,
נאָר שווער איז צום עפּל דערלאַנגען.
צו קליין ביסטו, אָדם, צו נאָנט דיר גאָטס טרויער —
נאָר פיס האָבן הויכע די שלאַנגען...

שוין האָט זי געזאָגט און שוין איז זי פאַרשוווּנדן.
אויף טעפּיך — איר שפּור אַ פאַרשטעפּטער.
אַט קומט זי צוריק. ס׳טוט עפּל זיך צינדן
אויף הענט פון דער שלאַנג ווי אַ סצעפּטער.

פון שלאַנגישע הענט אויף פינגער אויף חוהס
עס גליט דער עפּל סײַ קאַלט, סײַ הייס...
— אָ, חוה, מײַן חוה, וואָס טוען מיר ביידע?
— פרעג ניט, אדם, בײַס אײַן זיך און ווייס.

די שלאַנג איז פאַרשוווּנדן. עס טוישט די הלבשות
דער טאָג און גרייט זיך שוין צום פאַרגיין.
און ס'הערט דער גן־עדן ווי אין בין־השמשות
בײַסן ציינער אין עפּל זיך אײַן.

אין גאָרטן איז פינצטער. ס'וועט נאַכט ווי אַ פּאַווע
באַלד עפענען דעם פעכער פון שטערן.
נאָר איידער זי קומט האָבן אדם און חוה
דערביסן צום עפּלישן קערן.

אין שאָל פונעם קערן — אַ שליסל פאַראַנען
צום טויער פון אַלע באַשיידן.
ער נעמט זי בײַם האַנט און צוזאַמען זײַ שפּאַנען
אַרויס פון דעם גרינעם גן־עדן.

*

און ווי נאָר זיי קומען אַרויס פון גן־עדן
ווערט חלל מיט בליצן צעשניטן.
טוט ערד מיטן הימל אויף אייביק זיך שיידן —
און זיי, זאַלבעצווייט אין דער מיטן...

און אדמענס בוזעם, ער הייבט זיך און פראַלט זיך:
— שטורעמט זיך, וועלטן, מערער און מער!
דו שמייכלסט ניט, חוה? דײַן שטײַג זי צעפאַלט זיך.
לאָז מיך קושן דײַן פערליקע טרער...

— ס'איז קאַלט מיר און אימהדיק, אדם, מײַן טרײַער,
פחד אויף פחד צעקנוידערט די וועלט.

קום קריק אין גן־עדן צום היימישן פײַער,
וואָס וואַרט אויף אונדז בײַם שוועל פון געצעלט.

פאַרלאָשן די זון דאָ, ניטאָ קיין לבנה,
און ווו זענען אַל אירע שטערן?
זי וואָלט אונדז כאָטש איינעם געשענקט אַ מתנה
צו לײַכטן אונדז פאַר אַ לאַמטערן.

— ס׳איז קאַלט דיר און פינצטער אויף וועגן, ידידה?
דו דאַרפסט דער לבנהס לאַמטערן?
עס וועלן אונדז לײַכטן, מײַן חוהלע מידע,
פון דײַנע צוויי אויגן די טרערן.

און וואַרעמען וועט אונדז אין ווײַטע מקומות
דער שמייכל וואָס בליט אויף די ליפּן.
איך בין דאָך די וואָרקייט פון דײַנע חלומות —
דו ביסט אַ ריפּ פון מײַנע ריפּן.

אָ, חוה, מײַן חוה, איך וועל דיך באַשיצן.
אדם ווערט ווי אַ מענטש אַזוי שטאַרק.
ער ווערט ווי אַ דונער, וואָס יאָגט זיך נאָך בליצן,
ער ווערט ווי דער וועג, וואָס שנײַדט דורך אַ באַרג.

ער ווערט ווי אַ טײַך, וואָס זוכט זײַנע ימען,
ווערט ווי אַ ווינט, וואָס זוכט אין כאַמסין
זײַן אייגענעם אָנהייב און פרעגט זיך: פון וואַנען?
פרעגט אין ווירבל־געדריי: וווּאַהין?

*

אַזוי שפּאַנען זיי גאַנצע פערציק מעת־לעתן
דורך פעלדזיקע בערג און דורך גריבער.

(דער גן־עדן איז ווײַט שוין און באַלד פאַרגעסן,
די מעשה פון אים בלײַבט נאָר איבער).

און פאַלט זי אין שטײַגן — אויף הענט זי דערטראָגט ער.
און צווייפלט ער — טרייסט זי מיט ווערטער
און די צערטלעכע רייד אַמאָל שוין געזאָגטע
ערשט איצט אויף אַן אמת דערהערט ער.

און אדם און חוה אַלץ ווײַטער זיי שפּרײַזן,
זיי לאָזן פון ימען זיך טראָגן.
די וועלט טוט מיט זיי זיך פון ענגשאַפט דערלייזן,
פאַר זיי — פון איר אומעט אויסקלאָגן.

ביז איין מאָל עס קומט אָן אַ נײַער פרימאָרגן
און ווען זיי דערוואַכן פון דרימל
באַגריסט זיי אַ זון אונטער וואָלקנס פאַרבאָרגן,
גאָר ווײַט אין דער טיפקייט פון הימל.

און חוה רופט אויס: ס׳איז די זון פון גן־עדן,
נאָר זע ווי זי האָט זיך דערווײַטערט.
— גוט־מאָרגן, מײַן זון — טראָגט איר אדם אַנטקעגן
אַ שמייכל פון ווינטן געלײַטערט.

און חוה, זי בוקט זיך אַראָפּ צו אַ צווײַגל
אדם, ער טועמט דעם טוי פון דער ערד.
— פאַרנעם נאָר, מײַן חוה, ס׳געזאַנג פון די פייגל!
האָסטו טרילען אַזוי שוין געהערט?

דו זעסט וואָס עס טוט איצט די וועלט נאָכן שטורעם?
זי בינדט איר וווּנד מיט בלומען אַרום.
לאָמיר קושן דאָס גרעזל, בענטשן דעם וואָרעם,
קומט טאַנצן, מענטשן! חוהלע, קום!

— אָ, אדם, ווי ליגט דיר גאָר טאַנצן אין זינען?
וואָס נוצן מיר אַלע די פריידן?
מיר וואָלטן אַ מאָלצײַט פון פרוכטן געפונען
בײַ אונדז אין דעם גרינעם גן־עדן.

— זאָרג זיך ניט, ווײַב מײַנס, מיר וועלן געפינען
אין שווייס וועל איך אַקערן, זייען.
פון שווייס וועלן פעלדער מיט תבואה אויפגרינען,
קום, חוהלע, לאָמיר זיך פרייען!

מיר גייען פאַרפלאַנצן אַן אייגענעם גאָרטן
אויף צעאַקערטן, פעלדזיקן שטיין,
דו וועסט אַ געצעלט מיר אויסוואַרעמען דאָרטן,
דו וועסט ווערן די שפע אַליין.

און דו וועסט מיר קינדער אין ווייען געבוירן —
טעכטער און זין אַ גאַנצענעם דור.
מיר וועלן זיי האָבן און שפּעטער פאַרלירן.
בענקען צו זיי אַ קיילעכדיק יאָר.

מיר וועלן פאַלן און זיך שפּעטער דערהייבן,
אויפגיין וועלן מיר — שפּעטער פאַרגיין.
נאָר מיר וועלן האָבן אַ שעה פון בטחון,
רגעס פון יום־טוב, מעת־לעתן פון פּײַן.

מיר וועלן דערקענען יסורים פון בענקען,
גליען אין ליבע, ווערן פאַרלענדט.
מיר וועלן דערגיין, וואָס הייסט נעמען און שענקען,
און הייליק האַלטן אונדזערע הענט.

דאָס האָט ער געזאָגט און דאָס האָט ער באַשלאָסן
און אדם האָט אַ גאָרטן פאַרזייט

און האָט מיט שווייס פון זײַן שטערן באַגאָסן
גרודע נאָך גרודע, אַ בייט נאָך אַ בייט.

און חוה, זײַן ווײַב, האָט אין ווײי אין צעגליטן
אַ זון נאָך אַ זון געבוירן דער וועלט.
דעם זעלבן פרימאָרגן האָט אדם געשניטן
די ערשטע תבואה זײַנע פון פעלד.

און דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט ער חוהן געבראַכט
צוויי זאַנגען וואָס ער האָט געקליבן:
— עס האָט הײַנט אין מיר, חוה, אַ וואָרט אויפגעוואַכט —
דעם נאָמען פון וואָרט רוף איך: ליבן.

און דעם זעלבן בײַנאַכט איז אדם געלעגן
בײַ זײַט פון ווײַב אויף שטרויאיקן בעט,
און ער האָט אין דמיון דערזען אַלע וועגן,
ווען ס'האָט חוה זײַן שטערן געגלעט.

— דו טרויערסט גאָר, אדם, דער גאָרטן איז צײַטיק
און איך האָב הײַנט דיר זין צוויי געשענקט.
— אָ, חוה, מײַן חוה, איצט טאַקע גאָר פריידיק
עס האָט מײַן האַרץ צו גאָט זיך פאַרבענקט.

*

און ווי ער געזאָגט האָט צום ווײַב צו דעם פרומען
די אין שטילקייט געפליסטערטע רייד
האָט טיר זיך צעעפנט. די שלאַנג איז געקומען
אין איר גראַנאַטן, שלאַנגישן קלייד.

זי גריסט זיי מיט שלום, ווי ס'פירט זיך בײַ שלאַנגען:
— איר לעבט, ווי איך זע דאָ, אין פריידן.
און גאָט, ער איז, נעבעך, פאַר צרות פאַרגאַנגען
ווען איר זײַט אַוועק פון גן־עדן.

און אדם ער האָרכט און זײַן ליפּ ווערט אַלץ ווײַסער.
ס׳קריצן ווי זעגן שורות פון ציין:
— ווער ס׳ברענגט צו מיר, אדמען, בשורות אַזעלכע,
דער מוז צאָלן, מוז צאָלן אַליין.

און אדמענס הענט ווערן אײַזן און צוואַנג.
דער גוף — אַ זײַל געהאַקט פון גראַניט.
און ס׳רײַסט איינע די צוואַנג ביידע פיס פון דער שלאַנג
און די צווייטע, די צוואַנג העלפט איר מיט:

— אויף בויך זאָלסטו שלעפּן זיך אַל דײַנע יאָרן,
צו דעם שטויב פון מײַן טראָט זאָלסט דערגיין.
ווער ס׳ברענגט צו מיר, אדמען, בשורות אַזעלכע —
דער מוז צאָלן, מוז צאָלן אַליין.

און די שלאַנג, ווי ס׳וואָלט דאָ אין איר ניט געגאַנגען,
גראָד פאַרקערט, זי צעשמייכלט זיך זיס:
— אַ דאַנק דיר, דערלייזער, ס׳איז בעסער פאַר שלאַנגען
צו פויזען ווי גיין אויף די פיס.

ס׳איז גוט פאַר די שלאַנגען צו גליטשן זיך לאַנגזאַם.
קריכן אין שטויב איז בעסער ווי גוט.
דײַן שטראָף איז מײַן ברכה, דײַן קללה — מײַן באַלזאַם.
אויף דײַן האַנט — ניט קיין סימן פון בלוט.

שוין איז זי אין דרויסן און קוקט דורכן פענצטער.
גרינע סלינע פון פּיסק אירן טריפט:
— איך עפן אַ קרעמל מיט סחורות די שענסטע;
איך טו האַנדלען, איר ווייסט דאָך, מיט גיפט.

די שלאַנג איז פאַרשווונדן מיט פויזלטריט זשוואַווע.
אדם און חוה זענען אַליין.

און אַזאַ אַלײניקײט האָבן אדם און חוה
ניט געוווּסט, אַז זי קען אַמאָל זײַן.

— מײַן אדם, ווו ביסטו? — אָ, חוה, ווו ביסטו?
עס קלאַמערט זיך אַ האַנט אין אַ האַנט.
אַ מעשה דער בלוי פון גן־עדנשע הימלען?
טרוים — דער גאָט פון גן־עדנשן לאַנד?

— און אפשר איז ער גאָר אַוועק פון גן־עדן
און זוכט אַרום דעם וועג צו מײַן טיר?
און אפשר גאָר ברענגט ער מיר אַלע באַשײדן
און ער וואַרט איצט אין דרויסן אויף מיר?

איך וועל אים אַנטקעגן גײן, כ'וועל אים געפינען.
צו מיר געהערט ער, ווײַל איך בין זײַן.
איך וועל מיר אַ סטעזשקע פון תפילות אויסשפּינען
ביז גאָר טיף אין זײַן גרויסקייט אַרײַן.

*

אַזוי לויפן יאָרן און אדם אָן אויפהער
זוכט איבער ווײַטע וועגן זײַן גאָט.
די שלאַנג ווינט דערנעבן. זי וואַרט אויף די קויפער
פון איר גרינעם געטראַנק. פון איר גיפטיקן סוד.

און חוה דערווײַל טוט איר אַרבעט בשלימות;
זוכט ווי אַ קוואָקע קערנדלעך גליק
און זעט אין די נעכט אין אירע חלומות
אַ קינדישן בליק? אַ געטלעכן בליק?

און ייִנגלעך, די קינדער זענען געראָטן,
אַ נחת צו הערן זיי ריידן.
פאַרוואָס זשע איז, חוה, דײַן פּנים פאַרשאָטנט?
(ווער ווייס זיי די מאַמישע ליידן?)

ווען טאַטע זוכט גאָט אין די כמאַרעס פון נעפּל
און ס׳רייניקט דעם גאָרטן די מאַמע,
קומט די שלאַנג מיט אַ רויטן באַלעם — אַן עפּל
און שפּילט מיט די קינדער צוזאַמען.

זי רעדט צו זיי קלוגינקע רייד ווי נאָך קיינער —
זי מאַכט מיט זי אײַזערנעם אַקער.
זי ווייזט זיי ווי לײַכט מען קען שלײַדערן שטיינער,
ווי גרינג ס׳טוט דאָס פֿײַער אַ פֿלאַקער.

זי לערנט זיי שווימען אין טײַכן און ימען,
שוועבן אין הייך מיט פֿייגל צוגלײַך.
זי לערנט זיי אויס אַלע מינים פון סמען
און זי לערנט זיי ווי מען ווערט רײַך.

און יעטוועדער אָונט, ווען זון טוט שוין זינקען
אין מערב, בעט זי זיי צו איר טיש
און גיט זיי געטראַנקען די הייסע צו טרינקען
מיט טראָפּנדלעך, מיט גרינע פֿאַרמישט.

פֿלאַטערט דאָס האַרץ בײַ חוהן, ווי ס׳וואָלטן שפּיזן
איר ברוסט מיט פּחד־פֿײַער געברענט.
עס וואַקסן די זין, קיין עין־הרע, ווי ריזן,
נאָר פון טאַטן און מאַמען פֿאַרפֿרעמדט.

און ווען אין פֿאַרנאַכטן ס׳טוט אדם די בנים
לערנען דעם גאַנג אין דביקות צו גאָט —
דאַן ווײַזן זיי ביידע אַ צונג אים אין פּנים
און זיי לאַכן מיט אויגן פול שפּאָט:

אוי, אַלט ווערסטו טאַטע, און מעשיות פֿאַרשפּינסטו,
די שלאַנג, די קלוגע, זי זאָגט אונדז דערפֿאַר:

וואָס מען זעט, אין דעם גלייבט מען, זאָג, ווו געפינסטו,
ווו איז ער, דײַן באַהאַלטענער האַר?

און איין מאָל איז טאָג אָנגעקומען צעגרינטער,
אַ טאָג אַזוי גײַ, אַ שעה אַזוי פרום —
נאָר בײַ חוהן אין בוזעם שוידערט דער ווינטער,
אין הויז ווי׳ן אַ שטײַג שפּאַנט זי אַרום.

די קינדער דערוואַרט זי. באַלד דאַרפן זיי קומען.
עס גליווערט לאַנג אין די טעלערס די שפּײַז...
אָט הערט זי שוין רופן, עס נענטערן שטימען...
נאָר חוהס האַרץ — נאָך אַלץ אַ שטיק אײַז.

אָט קומט דאָך שוין קין. זײַן טראָט אַזאַ גרינגער —
נאָך אים קריכט שלאַנג אין שלאַנגישן שוווּנג.
נאָר אים טריפט אַ רויטקייט אַראָפּ פון די פינגער
און איר טריפט סם אַראָפּ פון דער צונג.

— איך האָב מיט מײַן ברודער אין דרויסן געשפּילט זיך,
זעסט, מאַמע־קרוין, דערפאַר טריף איך רויט.
די שלאַנג האָט געלערנט מיך ווי מען פאַרצילט זיך;
אָט ליגט ער דאָך דרויסן שוין טויט.

די שלאַנג, זי באַלעקט זיך און קריכט צו איר קין.
זי לאַשטשעט אים, קושט אים און שפּאַסט:
— זאָג, קין, דײַן מאַמען, אַז שווער צו פאַרדײַען
זײַנען די פרוכטן פון עץ־הדעת.

און אָט שטייט ער, אדם, און אָט שטייט זי, חוה,
בײַם טויטן גוף פון הבל, דעם קינד.
געפּאָרט ווערט אויף אייביק די פּײַן מיט אהבה
ווי טויט מיטן לעבן זיך בינדט.

נאָר אדם, וואָס ווייס שוין דאָס וואָרט וואָס הייסט שטאַרבן,
ווייס אויך די טרייסט פון אַ מענטשלעכן גלעט:
— וועסט אָפּווישן, חוה, מיט מאַמישן קרבן
דעם קינדס, דעם קינס בלוטיקן חטא.

קום ווײַטער, קום נעמען וואָס איז אונדז געגעבן.
ניט איך באַדויער, ניט ס׳טוט מיר באַנג.
אַ וואָרט כ׳האָב דערקענט און זײַן נאָמען איז: לעבן.
שלעכטס כ׳האָב דערקענט — איר נאָמען איז שלאַנג.

*

אַזוי טראָגן ווײַטער זיך אדם און חוה
טאָג־אײַן, נאַכט־אויס, אַרום אין דער וועלט.
אַמאָל איז דער הימל זוניק צעלויכטן
און אָפטער נאָך מיט וואָלקנס פאַרשטעלט.

און וועקן זיי אויף זיך יעטוועדן באַגינען
ציטערט נאָך אַלץ בטחון אין בליק:
— ס׳וועט אפשר דאָס וואָרט, הײַנט, וואָס כ׳קען ניט געפינען
קומען צו מיר. זײַן נאָמען איז: גליק.

און יעטוועדער נאַכט, אײדער שלאָף טוט זיי ביידן
טראָגן אין חושך־וועלטן אַרײַן,
פרעגט חוה אַ שטילע: — און קריק צום גן־עדן
ווילסטו, אדם, מער קיין מאָל ניט גיין?

זאָגט ער איר אַ מידער, אין דרעמל פאַרלאָרן:
— אָ, פון דאָרט איז נאָך ווײַטער צום גליק.
איך וואָלט דעם גן־עדן באַקוקן געפאָרן,
נאָר ווער ווייסט, קינד, אונדז ברענגען צוריק?

## נח

ווער זאָגט עס, אַז נח האָט פֿאַראַנקערט די תּבֿה
און האָט שוין מיט מזל געלאַנדעט בשלום?
פֿאַרוואָר, ס׳איז די קלאָרקייט, וואָס רופֿט זיך יבשה,
פֿון זײַנע צעוואַקלטע פּיס נאָר אַ חלום.

פֿאַרוואָר, אַז ער שווימט נאָך אויף כוואַליעס פֿון מבול
און כאָטש אין דעם טויבן־שלאַק פֿעלט שוין באַלד טויבן,
איז ער דעם שטורעם באהבֿה מקבל
און קוקט דורך פֿאַרנעפּלטן שײַבל מיט גלויבן.

אָ, ער ווייס, אַז זײַן וועג איז מבֿולבל, פֿאַרוואַסערט,
דאָך רעדט ער זיך אײַן, אַז זײַן טראָט האָט אַ האַפֿט
און טענהט, אַז וואָס מער ער שלײַדערט און טרייבערט,
דאָס בעסער דערפֿילט ער זײַן אייגענע קראַפֿט.

ווײַל ער איז געוווינט שוין צום מבֿולשן לעבן,
געוווינט צו דעם דאַך פֿון זײַן פּיצעלע שיף,
געוווינט צו דעם טעם פֿון די זאַלציקע נעפּלען
און אים לאָקט ניט דער סוד אונטער תּבֿהשער טיף.

בלויז ס׳פּײַניקט בײַנאַכט אים דאָס צווײַגל פֿון מירטן,
וואָס בליט אין זײַן חלום מיט הערלעכן גרין
און ס׳פּײַניקט דאָס ווײַב אים, אַן עקשן, אַ ווירטין —
וויל דווקא אַ שטוב מיט אַ קלאָרער גאַרדין.

און אים פּײַניקן בנים: שם, חם און יפֿת,
וואָס רופֿן דעם שטורעם: גאָטס הפֿקרער שפּאַס
און פֿרעגן: וואָס האָט ער פֿאַרשווענקט און פֿאַרמבֿולט,
אויב ער האָט אונדז אין בוזעם געלאָזן דעם האַס?

און אים פֿײַניקן אייניקלעך, קינדער פֿון תּאווה,
וואָס יאָגן דורך לעכער ווי מײַז אין אַ שפּיל
און קריכן ווי שדימלעך שטיל, בגנבֿה
אַראָפּ צו די חיות אויף אונטערשטן דיל.

און שטײַגן אַרויפֿעט צו אים, ווי מלאָכים,
און זינגען און וויִען און פֿרעגן דורך נאַכט:
מיר ליבן — און ווילן אײַנאַנדער פֿאַרצוקן...
ווער האָט אונדז מיט קרומע געוויסנס פֿאַרטראַכט?

און אים פֿײַניקן חיות מיט קעלבערנע אויגן,
וואָס גלאָצן און פֿרעגן דעם טײַטש אויפֿן דין:
פֿאַרצוקן און ווערן פֿאַרצוקט און אין צווישן
מעלהגרהן אָן שׂכל, אָן אומזין, צי זין.

לאַכט איינער אַ מבול צעהוליעט אין דרויסן,
קלאָגט אַ צווייטער אַ מבול אין פּיצעלע שיף
און דער סוד, וואָס לויערט אונטער דער תּבֿה
הויערט אויכעט אין איר אַזוי מוראַדיק טיף.

ווערט אָרעמער נח אַלץ פֿרומער און גרויער
און צווישן צוויי מבולס דאָרט האָפּט ער אַליין.
נאָר טייל מאָל עס גלוסט אים אין תּהו־ובֿוהו
צו אַנטרינען פֿון זיך אין אַ כוסהלע ווײַן.

# רחל און לאה

רחל שפּילט אויף דער מאַנדאָלינע
און לאה שפּילט אויף דער פּלייט.
צווישן זיי ביידע ליגט קאָרטן די שכינה
און זוכט אַ געגוויעם באַשייד.

לאה וועט האָבן אויגן צוויי טריבע
און אַ גרויס און הונגעריק האַרץ —
רחל וועט האָבן מזל אין ליבע
און צעפּ וואָס זײַנען גאָר שוואַרץ.

לאה וועט האָבן הייסע חלומות;
אויף ליפּן — אַ ציטערדיק ליד,
נאָר יעקב, דער מאַן פון ווײַטע מקומות
וועט זען, אַז איר פּנים איז טריב.

צו רחלען וועט ציען דעם מאַן פון מקומות,
ווײַל זי פאַרן אויג איז אים ליב.
איז וואָס, אַז זי האָט ניט קיין הייסע חלומות?
דערפאַר איז איר פּנים ניט טריב.

לאה וועט זאַטקייט אין יאָרן זיך אַרבן,
נאָר הונגעריק אויסגיין וועט ס׳האַרץ.
רחל אַ זאַטע פון ליבע וועט שטאַרבן
מיט צעפּ וואָס זײַנען נאָך שוואַרץ...

רחל שפּילט אויף דער מאַנדאָלינע
און לאה שפּילט אויף דער פּלייט.
צווישן זיי ביידע שמייכלט די שכינה —
זי ווייס שוין געגוי דעם באַשייד.

# יפתחס טאָכטער

קומט, קינדער פון יעקב, פון בערג און פון טאָלן,
הערט ווי די גאָלדענע שופרות זיי שאַלן!
הערט ווי עס קלינגען די טאַצן פון ווײַטן
און ס׳ציטערט די ערד אינעם יובל דערפרייטן.
פאַרלאָזט די געצעלטן, אַרויס צו די וועגן
און לויפט אים, דעם זיגער, מיט שמחה אַנטקעגן!

באַלד קומט ער, אָט נענט ער! שוין רײַטן די ווינטן
פאָרויס אויף די שטויב־פערד דורך לאַנד דורך צעגרינטן.
שוין בליצן אַהער די געשליפענע שפּיזן.
אָט קומען זיי אָן, די גבורים און ריזן;
און פאַר זיי דער ערשטער, דערקענט איר אים, ברידער?
רײַט יפתח דער שופט, דער האַר און דער זיגער!

זעט ווי עס שמייכלט די זון אים אויף ברעמען,
ווי ס׳טוען די ווינטן די האָר אים צעקעמען —
און ס׳בוקן פאַר אים זיך די סעדער פול טרויבן
און בלומען זיי שענקען אים פאַרביקע שטויבן.
נאָר ס׳צערטלט אים גאָרניט די מידיקע בליקן;
דאָס היימישע הויז ערשט וועט ס׳אויג אים דערקוויקן.

טאָ לאָזט אים, אָ ברידער, צום אייגענעם טויער,
ס׳קומט באַלד אים אַנטקעגן זײַן הונט דער געטרײַער.
זײַן פוכיקע טויב וועט אַרויס באַלד פון שטײַגל
און ברענגען אין מויל אים אַן איילבירטן־צווײַגל, —
און אפשר אַ שעפּסל אַ ווײַסינקעס גאָר
וועט קומען פאַרבענקט נאָך אַ גלעט פון זײַן האָר?..

ס׳איז ליב אים זײַן הויז און די שטוביקע שפּראַך;
דאָס געזאַנג פונעם גריל אין דער סטעליע פון דאַך,

דאָס וואָרקען פון טויב און ס׳געזשום פון דער פליג —
נאָר גרויס איז זײַן האַרץ און נאָך גרעסער זײַן זיג.
ביסט גוט, גרויסער בורא, וואָס ברענגסט אים צוריק,
דעם זיגער דעם מידן אויף שויס פון זײַן גליק.

נאָר זעט, ס׳האָט דער הונט נאָך זײַן האַר ניט דערשמעקט,
ס׳האָט די ווײַסינקע שאָף נאָך קיין שאָרך ניט דערוועקט,
און ס׳חלומט די טויב אין איר ווייכינקער שטײַג
און האָט נאָך קיין איילבירטן־צווײַגל נישט גרייט.
עס שלאָפט נאָך דאָס הויז אינעם גרינעם געציר — — —
נאָר ווער האָט עס פּלוצעם צעפּראַלט דאָרט אַ טיר?

אַרויס קומט די פרייד אין צוויי אויגן צעהעלט
און ס׳רײַסן זיך אָפּעט צוויי פיס פון דער שוועל,
שוין פאַלן צוויי באָרוועסע טריט דורכן הויף
און פאַר זיי מיט בשורות, די בענקשאַפט זי לויפט.
עס פלאַטערט דאָס קלייד אויף אַ מיידלשן גוף,
צוויי שוואַרצענע צעפּ פליען פאָרויס ווי אַ רוף...

נאָר זעט, ס׳רײַסט דער ווינט איר דעם האַלדז־טוך אַראָפּ
און פלעכט אויף דעם קראַנץ אויף איר מיידלשן קאָפּ.
ער שטעלט זיך אין וועג איר און שלעפּט זי צוריק
און וויקלט דאָס לײַב איר אַרום ווי מיט שטריק.
פאַרוואָס ביסטו בייז אַזוי, היימישער ווינט?
ס׳וועט סײַווי צום פאָטער דערלויפן דאָס קינד.

שוין אַרעמט זי אום אים און קושט זײַנע הענט
און גלעט זײַנע באַקן פון זונען פאַרברענט.
זי צערטלט זײַן שטערן און טוליעט זײַן קאָפּ;
עס ציטערט אויף האַלדז איר דער מיידלשער צאָפּ...
עס פאַלן פון ליפּ איר צעאָטעמטע רייד —
...אַ בין זשומעט ערגעץ אין פאַלד פון איר קלייד...

וואָס וויל זי, די בין? זי וויינט, צי זי שטיפט?
וואָס טראָגט זי אויף פליגלען — דעם האָניק, צי גיפט?
דעם מיידל עס פערלט אַ טרער אינעם אויג —
זי קוקט אויף איר פאָטער און גלויבט נישט ... און גלויבט.
נאָר ער, צי האָט ער זײַן קינד נישט דערקענט?
ער רײַסט פון זײַן האַלדז די פאַרקלאַמערטע הענט.

ער קערט גאָר דאָס אַנגסטיקע פּנים אַוועק
און טיף איז זײַן אויג גאָר מיט תּהומען פון שרעק —
און פּלוצעם, עס שטעלט זיך צעבייזערט דאָס פערד
און שלײַדערט דעם רײַטער אַראָפּ אויף דער ערד.
אָט קושט ער דעם שטויב אויף די מיידלשע פיס —
יפתּח דער זיגער, דער העַר און דער ריז.

— אָ, קינד, ווער האָט דיך אַהער דאָ געבראַכט?
דער וועג צו דײַן טאַטן איז וועג צו דער נאַכט —
דער שמייכל ער הענגט נאָך אויף מיידלשער ברעם:
— מײַן פאָטער, דו ליבער, איז שלעכט דען געשען,
וואָס פונעם גאַנצן, פון אונדזערן הויז
בין איך די ערשטע דיך גריסן אַרויס?

ס'איז טרײַ דיר דײַן הונט, נאָר מײַן האַרץ איז נאָך טרײַער,
עס בענקט שוין דער גאָרטן און ס'וואַרט דיך דער שײַער.
עס קוקט אויס דײַן צערטל די טויב און די שאָף —
נאָר זע, אָט דרימלען זיי אַלע אין שלאָף.
בלויז די בענקשאַפט איז וואַך פון דײַן ווײַב און דײַן קינד;
בין איך דאָ די ערשטע. כ'בין פלינק ווי אַן אינד.

זי אָרעמט אים ווידער אַרום און זי גלעט
און זי קושט אים די הענט און זי צערטלט און בעט:
— שטיי אויף פונעם שטויב און צעוויקל דײַן גליק,
דו ביסט אונדז געקומען אַ גאַנצער צוריק —

— אָ, טאָכטער, די שעה זאָל פֿאַרשאָלטן גאָר זײַן,
וואָס האָסט מיך, אַ זיגער, געבראַכט צוריק אַהיים.

שטאַרבן, כ׳האָב שטאַרבן געדאָרפֿן אין פֿעלד,
ווײַל כ׳ברענג גאָר מפּלה אַהיים צום געצעלט.
בין איך דען אַ זיגער? אָ, גורל, דו בלינדער,
פֿאַר יהוהן געטויט כ׳האָב פֿון פֿרעמדע די קינדער,
בין איך דען אַ גיבור? אָ, גאָטעניו, לאַך,
צו טויטן פֿאַר דיר מײַן שפּראָץ בין איך שוואַך...

דאָס מיידל, זי האָרכט און זי שמייכלט נאָך אַלץ,
גאָר עס וויקלט דער צאָפּ זיך ווי׳אַ שלאַנג אום איר האַלדז:
— וואָס רעדסטו, מײַן פֿאָטער, פֿאַרגעס אין דעם טויט,
אין שטוב איז דער יום־טוב פֿאַר דיר שוין געגרייט —
— אָ, מיידל, מײַן קינד, ס׳איז קיין יום־טוב נישטאָ —
באַוויין דײַנע טעג און באַקלאָג יעדע שעה...

כ׳האָב געהאָפֿט ס׳וועט מיר קומען אַנטקעגן אַרויס
אַ שאָף, צי אַן עוף, אָט אַ טײַבעלע בלויז
און האָב נישט געטראַכט, אַז סע וועט מיר אויף וועגן
די בענקשאַפֿט און ליבשאַפֿט גאָר טאַנצן אַנטקעגן.
רײַס, יפֿתח, די קליידער און קריץ דײַנע ציין,
וועסט פֿירן דײַן ליבע צום קבר אַליין...

און ווי ער דערזאָגט גאָר די ביטערע רייד
צעעפֿנט זיך ס׳טויער פֿון הויז אין דער ווײַט
און ס׳שוועבט אַ געשטאַלט אויף די פֿליגלען פֿון שטויב,
זי פֿאַלט און זי שטעלט זיך, זי פֿאַלט און זיך הויבט;
עס פֿלאַטערט דאָס קלייד ווי צעאימהטע פֿלאַמען
אָט קומט זי צו פֿליען דאָס ווײַב און די מאַמע.

זי פֿאַלט צו דעם מיידל און אָטעמט שוין קוים —
עס פֿליסט פֿון דער ליפּ איר אַ זאַמדיקער שוים:

— מײַן טאַטער, ס'האָט פּחד אַהער מיך געיאָגט,
אַ יאָמער אַ פרעמדער אין בוזעם מיר קלאָגט —
דעם מיידל עס הענגט נאָך דער שמייכל אויף ברעם:
— ס'איז גאָרנישט, מײַן מאַמע, ס'איז גאָרנישט געשען,

דער טאַטע, ער רעדט נאָר, ער זאָגט מאָדנע רייד
פון נאַכט און פון אימה, פון טרויער און טויט... —
קוקן זיי אָן זיך, דער מאַן און די פרוי —
איר פּנים איז שוואַרץ און זײַן פּנים איז גרוי:
— האָב רחמים — זי פּרעפּלט — אָ חסד — זי בעט
— זײַ מוחל — ער שטאַמלט, ער פליסטערט — צו שפּעט —

בעט ער צו איר און זי בעט צו אים —
און דעם מיידל עס הענגט נאָך דער שמייכל אויף ברעם;
און יפתח ער טרינקט פון דעם שמייכל דאָס ליכט.
ער נעמט אין די הענט דעם ווײַבס טרערן־געזיכט:
— אָ, שרעק זיך ניט, שרעק ניט, דער בורא איז גוט,
ער וועט אונדז ניט נעמען דעם שפּראָץ פונעם בלוט.

דערמאָן זיך, דערמאָן זיך, אברהם אונדזער זיידע
האָט אויכעט זײַן קינד דאָך געפירט צו עקדה.
אָ, שרעק זיך נישט, שרעק נישט, צעליכטיק דײַן בליק,
כ'וועל ברענגען דײַן טאָכטער אַ גאַנצע צוריק.
גאָר ס'ווײַב, זי ברעכט אַלץ די מידע צווײַ הענט
און ס'לײַכט איר דאָס אויג, נאָר פון יאוש צעברענט:

— אָ, יפתח, ניט דיר איז דער נס גאָר באַשערט,
דײַן קינד וועט פאַרבלײַבן אַ טויטס אויף דער ערד.
דײַן האָרץ צו אברהמס איז ניט גלײַך, אָ, ניט גלײַך.
זײַן גלויבן — אַ ים איז און דײַנער — אַ טײַך.
דו דרייסט ווי אַ טײַך זיך אַרויס פון גאָטס בליק,
דו נאַרסט אים, אַנטלויפסט און קומסט קליינטשיק צוריק.

פאַר דיר, ווער וועט ברענגען צו הילף דען אַ שאָף,
אַז יהוה אַליין איז דער מעסטער פון שטראָף? —

און דאָס מיידל, זי שטייט און זי הערט זייערע רייד,
נאָר נאָך ניט פאַרלאָשן אין אויג איז די פרייד;
ווי ס'וואָלט נאָר אַ שפּיל אָט דאָס אַלעס געווען,
בליט נאָך דער שמייכל אַראָפּ פון איר ברעם —
און ס'דוכט זיך איר אויס, ז'איז אַ מאַמע אַצינדער
און יפתח און ס'ווייב זיינען גאָר אירע קינדער.

רופט זי זיי וואָרעם: — שטייט אויף, קומט אַהיים,
מען דאַרף נאָך אין בעכערס צעגיסן דעם ווײַן;
איך מוז איבערפלעכטן מיין בלומיקן קראַנץ
און איר האָט דאָך ליב מיך צו זען ווי איך טאַנץ.
איך וועל פאַר אייך שפּילן אַ ליד אויף דער פלייט...
צי לעבט דען ניט, טאַטע, אויך אַלץ, וואָס איז טויט?..

וואָס איז דען דער טויט? — אַ ווייט און פרעמד לאַנד?
נו, ווײַסטו מיך פירן אַהין פאַר דער האַנט.
זיינען די פעלדער דאָרט אַנדערש? נישט גרין?
דאָרט רוישן קיין וועלדער אין זונען־געשפּין?
און פייגל, די זינגערס, זיי שוויַיגן דען דאָרט?
זיינען טעג דאָרט ניט ליכטיק און נעכט דאָרט ניט צאַרט?

איז אַנדערש די ליבע דאָרט? אַנדערש איר פּראַכט?
און אפשר אַן אַנדער יהוה דאָרט וואַכט?
און וועל איך דען דאָרטן וווינען אַליין? —
וועט דאָרטן, וועט דאָרטן מיין חתונה זיין.
וועט דאָרטן מיך אַנדערער טרויער און פרייד
פירן דורך וועגן אין ווייטן באַגלייט.

און אפשר איז טויט נאָר אַ תפיסה, נישט מער;
ווו גליווער — איז שמייכל און טרוקן — איז טרער

און ווער נאָר עס נידערט אַראָפּ אין דער צעל
מוז לאָזן די האָפנונג אויף דרויסיקער שוועל,
מוז לאָזן נשמה, מוז לאָזן זײַן גוף,
מוז לאָזן יהוהן אין בלויען אין־סוף?

אויב דאָס איז דער טויט, איז אויך גוט, איז אויך גוט.
עס קאָן נאָך צו פולקייט דערברויזן מײַן בלוט.
טאָ שענק מיר, מײַן פאָטער, חדשים נאָך צוויי,
חדשים פון אויפגאַנג ביז שטילן פאַרגיי;
פון נעכט מיט צעשטערנטן טעפּיך געשפּרייט,
פון סאַמעטענע הימלען מיט שטערן פאַרזייט.

די טעג קענען זײַן ווי דאָס לעבן, גאַנץ לאַנג;
איך וועל אין זיי אויסזינגען ס׳גאַנצע געזאַנג.
איך וועל אין זיי אויסוויינען אַל מײַנע טרערן
און איך וועל די סודות פון לעבן דערהערן.
איך וועל אין מײַן אויג די בלויקייט פאַרשליסן —
פון ערד כ׳וועל דעם ריח אויסטרינקען דעם זיסן.

די נעכט קענען זײַן מיר ווי טעמפּלען פאַרמאַכט —
אַן אייביקע תפילה קאָן זײַן יעדע נאַכט.
און דאַן וועט פון הימלישע, ערדישע וועגן
דער מאַן מיר, דער חתן דערשיינען אַנטקעגן.
מײַן בענקען וועט וואַרטן ווי אַ כוס, וואָס שוימט איבער,
ביז אויסגעלערט בלײַבן איך וועל פון דער ליבע.

אויף ראַנד פון די נעכט כ׳וועל דערקענען די פּיין;
איך וועל זײַן צוזאַמען און כ׳וועל זײַן אַליין —
פאַר מיר וועלן בלומען וועלקן און בליען,
פאַר מיר וועלן פייגל פאַלן און פליען —
געוויינען אַ מיידל, געוועזן אַ פרוי —
כ׳וועל שטיין פאַר יהוהן מיט האָר אַזוי גרוי...

כ׳וועל אויסלעבן ס׳לעבן פון ברעג ביזקל ברעג
אין נעכט אין די טיפע, אין גרויסקייט פון טעג
און דאַן וועל איך קומען און זאָגן: כ׳בין גרייט,
עפן מיר, פאָטער, דאָס טויער פון טויט.
די סעדער מיט טרויבן און איך אין דער מיט
וועלן פאַלן פון רייפקייט אין קאָרב פונעם שניט. —

דאָס מיידל, זי הייבט צו דעם הימל דעם קאָפּ —
ס׳גליט דער שמייכל אויף ברעם איר ווי׳אַ שטראַליקער סנאָפּ.
און יפתח, ער הייבט צו דעם מיידל די אויגן —
פון דעם שטראַליקן סנאָפּ טריפן טרערן פון גלויבן.
און די מאַמע? — בלויז זי האַלט די אויגן פאַרמאַכט.
אין איר איז שוין נאַכט. אַרום איר איז שוין נאַכט.

*

די טעג און די נעכט אָט ווי רגעס פאַרביי...
פירט יפתח זײַן טאָכטער אין באָרוועסן טוי —
און ס׳פרעגט זיך דאָס פעלד און דער טײַך און דער וואַלד:
צי איז זי נאָך יונג? צי איז זי שוין אַלט?

נאָך שלאַנק איז איר לײַב און בויגיק די פיס,
דאָס פּנים איז ליכטיק. די ליפּן נאָך זיס.
די צעפּ שווימען שטיל פון די אָרעמס אַראָפּ —
עס בליט נאָך דער מיידלישער קראַנץ אויף איר קאָפּ.

נאָר אָט איז די ערד און דער הימל שוין גרייט;
אָט ליגט זי פאַר זיי אין איר יום־טובדיק קלייד.
זי טרינקט נאָך די בלויקייט און איז נאָך ניט זאַט
און זעט: ס׳וועבט אַ שפּין זיך איר הויז אויף אַ בלאַט.

און הערט: ס׳ברומט אַ גריל אינעם פײַכט־פרישן גראָז —
און דער הימל אין מזרח ווערט וואַרעם און ראָז...

צי וועט זי דעם אויפגאַנג דעם נײַעם נאָך זען?
עס טוקט זיך דער שמייכל און לעשט אויף איר ברעם. —

און יפתח, ער תפילהט און זעט ס'איז דאָס פעלד
מיט לויטערע ליכטער פון מאָרגן צעהעלט.
עס קלאָגט זײַן בטחון... יהוה איז גוט...
ער וועט אים ניט נעמען דעם שפראָץ פונעם בלוט.

און אָט איז זײַן האַנט און דער חלף שוין גרייט —
נאָר וואָס איז דער שטויביקער טומאַן פון ווײַט?
צי איז עס אַ וואָלקן? ס'אַ שעפסל, אויף וואָר...
אַ שעפסל מיט ווײַסע, פוך־וואָליקע האָר...

אַ שעפסל, אַ וואָלקן אָט קומט עס שוין באַלד,
דער טומאַן צעוויקלט זײַן שטויביקע פאַלד — — —
נאָר זע, ס'וויקלט אויס זיך פון זאַמדן טומאַנען
דער קאָפּ פון דער מאַמען, דאָס לײַב פון דער מאַמען.

צי הערט ער זי רופן פון נאָנט, צי פון ווײַט?
צי זעט ער די הענט ווי מנורות צעשפּרייט?
און ס'הערט דער פרימאָרגן אין ראָזן געציר:
— נעם מיך, יהוה, אָ, נעם מיך פאַר איר!... —

נאָר יפתח, ער קוקט און ער זעט גאָרנישט מער.
אין אויג זײַנעם הענגלט אַ בלוטיקע טרער.
פאַרסמט איז זײַן מוח מיט זײַן אייגן געוויין
בלײַבט שכורער יפתח מיט גורל אַליין.

און דאָך פלעמלט אַלץ נאָך בײַ אים אינעם בלוט
אַ ציטער — בטחון: יהוה איז גוט...
... שטיל פליסטערט ס'פעלד מיט צעשויבערטן גראָז
און דער מזרח ווערט הייסער און ראָזער ווי ראָז...

זאָגט הימל צו שטילקייט: יהוה איז גוט,
ער וועט אים ניט נעמען דעם שפּראָץ פונעם בלוט.
...יהוה איז גוט?.. — פרעגט זיך וואַלד ביַי דעם טיַיך,
און יפתח, אָט הייבט ער דעם חלף אין הייך.

ס׳הענגט דער הימל אַ ווייל אויף חלפישער שאַרף —
אין יפתחן צימבלט דער גלויבן וו׳אַ האַרף...
לאָזט ער פאַלן זיַין האַנט — — — — — ס׳האָט זי קיינער פאַרהאַלטן,
דאָס ערדישע האַרץ ליגט אויף צווייען געשפּאָלטן.

*

אָ, קינדער פון יעקב, פון בערג און פון טאָלן,
הערט ווי עס וואָיען די בייזע שאַקאַלן.
פאַרמאַכט אַלע טירן, עס שטורעמט דער וויכער —
ער בלאָזט היַינט פון טרויער און ניט פון רציחה.
און וויַיסט איר אויף וועמען ער קלאָגט אַזוי, ברידער?
אויפן אָרעמען האַרץ פון יפתח, דעם זיגער.

## דוד און אבישג

אויף אַ טיש פון שוואַרצן מאַרמאָר
ליגט אַ קרוין און ס׳ליגט אַ סצעפּטער —
אויף אַ בעט פון זייַד און אַטלאַס
ליגט אַ גוף, אַן אָפּגעלעבטער.

אויפן בעט פון זייַד און אַטלאַס
ליגט אַ מידער, גרויער זקן.
אויף זייַן ברוסט עס גליִען, בריִען
ווּעמענס הייסע, שוואַרצע לאָקן...

הייסע לאָקן האָט אַבישג
און נאָך הייסער — אירע ליפּן.
און ווי פונקען — אירע פינגער
אויף דעם זקנס קאַלטע ריפּן.

— אָ, אבישג — קרעכצט דער מלך
— ביסט אַ רייַכער, פולער לאָגל,
טייל זיך, טייל זיך מיט דעם בעטלער,
וואָס איז אויסגעלערט פון וואָגל —

און אַבישג, וואָס איז פייַער
טיילט זיך און זי שלינגט די טרערן.
דרויסן... אויפן שטרוי פון שייַער
זוכט איר האַרץ דעם מאָרגנשטערן...

# דאָס ליד פון עתליה

הייס שטאַרבט דער טאָג איבער מלכות יהודה;
ס'פּורפּורט די זון אונטער ירושלים.
שטיל פאַלט דער שטויב פון סאַנדאַלן די מידע —
דורשטיקע בעכערס פון בלומען פאַרווייען.

רויט איז די ערד אין מלכות יהודה
און בלוי איז דער תהום איבער ירושלים,
און זאַמדיק דער ווינט, וואָס דרייט ווי אַ שלאַנג זיך
אין שאָטנס פון גרינע ציפּריסן־אַלייען.

און הײַנט איז דאָך שבת; הײַנט דאַרף די שכינה
מיט באָרוועסער שטילקייט באַטרעטן די שוועלן;
מנוחה דאַרף זײַן הײַנט צו הענט, וואָס באַדינען,
און חסד דאַרף זײַן הײַנט צו הענט, וואָס באַפעלן.

טאָ ווער האָט עס הײַנט צעקנוילט אַלע שטויבן
אויף דורשטיקע וועגן פון ירושלים?
ווו אײַלן די מענער פון אַלע געצעלטן,
נאָך איידער די נאַכט געמט מיט שטערן פאַרזייען?

עס ציען טומאַנען צום בית־המקדש,
עס שטײַגן די מענער אַרויף צו מוריה;
שבת איז הײַנט; דאָך פון אָפענע מאַנטלען
בליצן חלפים אָפּער פון די גאַרטלען
אין שטילקייט פון שקיעה.

*

און אונטן, צופוסנס פון שטאָלצן מוריה
טוען זיך גאַרטנס אין שאָטנס פאַרשפּינען,

זיי ווינקלען אַרום דאָרט אַ פּאַלאַץ אַ ווײַסן
מיט פּעכערס פון צווײַגן, מיט בלעטער־גאַרדינען.

בלויז אויף די נאַקעטע שטיגן־קלאַווישן
שווײַגט אַויס די זון איר בראַנדיקן ניגון,
און קריכט ווען אַרויס דער ווינט פון חדרים,
בלײַבט ער אויף טרעפּ אַ פאַרחלשטער ליגן.

ס׳איז שטיל אין דער טיפקייט פון פּאַלאַץ פון ווײַסן
און ס׳וואַרטן אומזיסט די פאָרהאַנגען־טירן,
עס זאָל דער מלך די שוועלן באַטרעטן,
דעם זײַד פון די פאַלדן די ברייטע צעפירן.

ווײַל טויט איז דער מלך פון מלכות יהודה,
עס קיניגט אַ מלכה אין ירושלים;
די טאָכטער איזבלס, פון שטאַם פון צדונים —
עתליה די מלכה פון ירושלים.

דרויסן אין גאָרטן פלעכטן זיך בלעטער
פון איילבירטן גרינע, פון צאַרטע ציפּריסן,
און ערגעץ פאַרבאָרגן רוישן פאָנטאַנען
און גיסן אַ ניגון, אַ שטילן, אַ זיסן.

אַ פליים ציט זיך ערגעץ אויף זוניקע שטראַלן
און ס׳צימבלען אים נאָך די גיטאַרעס אין קווייטן,
און האַרפעס אין בלעטער — געהילטע וואַלן —
סטרונען זיך אָן, וואַכן אויף און באַגלייטן.

און צווישן די בוימיק־צעפּינגערטע קרוינען
וויקלט זיך ווײַרויך אַ זײַדענער, קילער.
דאָרט, בײַ מזבחות פון בעל און עשתרות
זינגען כהנים אומענדלעך אַ תפילה.

און טיפער און ווייטער אין ים אינעם גרינעם
רוט זי, עתליה, די זינדיקע מלכּה;
אַ ציטריקער שלייער אויף נאַקעטע קניען,
די ברוסט אונטער אָפענע צעפּ צווײ באַהאַלטן.

אויף פּוכיקן טעפּיך פון בית־המקדש
שטרעקט זי די הייסע, די ליכטיקע גלידער;
אויף טעפּיך, וואָס ס'האָבן פאַר פרעמדן יהוה
געפלאָכטן די ווייבער פון מלכות יהודה.

און ס'שימערט דערנעבן דער וויין אין די לאָגלען,
און גרייט איז פאַר דורשטיקע ליפּן אַ בעכער;
און איבער די האָר, וואָס רינען פון קאָפּ איר,
ווינטיקט זיך ברייט אַ צעעפנטער פעכער.

עס וויגט איבער איר זיך די האַנט פונעם דינער,
וואָס קניט — אַ שטיק בראָנדז — ביי איר טעפּיך דערנעבן;
נאָר באַלד וועט די תאווה אין ווייבערשע גלידער
אים לעבעדיק מאַכן. שוין טוט זי באַפעלן:

— דו בראָנדזענער דינער, עס רופט דיך עתליה!
ציִ אָן ווי אַ בויגן די האַרטע מוסקולן;
פייל דורך די צווייגן און ברענג מיין געליבטן,
ער זאָל דעם הונגער פון לייב מיינעם שטילן.

שוין פליט ער — אַ שפּאַרבער — דורך וואַלדיקע שטעגן,
שוין שימערט זיין ברוינקייט דורך בוימיקע שטאַמען,
שוין איז ער ווי אַ פייל צווישן בלעטער פאַרפלויגן,
שוין גיסט זיך זיין לייב מיט דער טיפקייט צוזאַמען.

בלייבט זי אַליין און די ערד גליט מיט פייער —
און הייסער ווערט ס'לייב פון עתליה און יינגער,

און צווישן דער ערד און איר נאַקעטן רוקן
בריט שוין דער טעפּיך מיט פלאַמיקע צינגער.

העי, ס׳איז די ערד אַ ווײַב אין געלוסטונג!
העי, ס׳איז עתליה די ערד פון יהודה!
העי, ס׳וועט עתליה די ערד באַלד פאַרלעשן!
באַלד וועט זי שטילן דעם דורשט פון די גלידער!

צו דעם זײַנען לאַגלען מיט ווײַן איבערפולטע,
אַז זיי זאָלן רינען און קילן און פליסן.
העי, ס׳וועט עתליה, די שיכורע מלכה
דעם ווײַן אויפן בראַנדיקן טעפּיך צעגיסן!

שוין שטייט זי אויף טעפּיך אין נאַקעטער גרויסקייט,
ווי זי וואָלט שוין דורות־לאַנג דאָ געשטאַנען.
די הענט איבער קאָפּ מיט אַ לאָגל אַ פולן.
עתליה — אַ שטיינערנע ווײַנען־פאָנטאַנע.

עס שטראָמט די צעשימערטע קאַלטקייט די זיסע
אַראָפּ מיט די האָר איר צום בויך און צום רוקן,
און האָפּסלט אַראָפּ פון די גלאַנציקע ברוסטן
און כוואַליעט אַרויס פון צעעפנטע ליפּן;

און שפּרודלט אַרום אירע אָרעמס די רונדע,
און הילט זיך אַרום בײדע פיס אירע דינע,
און לוזשעט אַרום אירע טריט אויפן טעפּיך,
און רינט אַלץ אויפסנײַ און הערט ניט אויף רינען.

און ווען ס׳ווערט דער שטראָם פונעם לאָגל פאַרשוויגן,
דאַן נעמט זי אַ צווייטן, צעכוואַליעט — אַ דריטן;
ביז זאַט ווערט די ערד אין דורשטיקן פײַער,
אויף טעפּיך — אַ שפּיגל; און זי — אין דער מיטן.

פאַרכליניעט פון זיסקייט און נאָך נישט קיין זאַטע
פאַרזינקט זי אין גלאַנציקן, ווײַניקן שפּיגל;
צעשפּריצן זיך פּערל מיט בורשטינען נאַסע,
ביז ווידער ווערט אַלץ אין איין שימער פאַרזיגלט.

און פּלוצעם דערזעט זי צוויי פלאַמיקע אויגן,
וואָס קוקן אַרויס פון די פליסיקע טיפן,
און אַרום זײַ שווימט אַ האָריקע כוואַליע,
און צווישן זיי — צוויי געשוואָלענע ליפּן.

אַ ווײַב שײַנט אַרויס אין איר פּנים אַנטקעגן;
אַ ווײַב אַזאַ פרעמדע, דאָך וואָלט זי געשווירן —
דאָס ווײַב איז אַמאָל אויף איר טעפּיך געלעגן;
ווי נאָנט ס׳איז דאָס שטוינען פון שיכורע אויגן!

פליסטערט עתליה מיט שוים אויף די ליפּן:
— זאָג, ווער ביסטו, ווײַב, פונעם ווײַניקן שפּיגל?
דו ביסט דאָך נישט בעל, דו ביסט נישט עשתורת —
ווער האָט דיך אין גלאַנץ פונעם טעפּיך פאַרזיגלט?

דו ביסט דאָך נישט בעל און אויך נישט עשתורת
און דאָך איז דאָ גאָט אין דײַן ליכטיקן פּנים.
ווער ביסטו, ווער ביסטו אין פּראַכט פון דײַן שיינקייט?
כ׳וועל דינען דײַן ליכט און דײַן געטלעכן נאָמען!

זע, קליין איז מײַן בעל און קליין — מײַן עשתורת
אַנטקעגן דיר, ווײַב, אינעם שפּיגל פאַרשלאָסן.
ביסטו עס, יהוה? ביסטו עס? ביסטו עס?
דו גאָט, אלהים, אויפן טעפּיך צעגאָסן?!

איך וועל צו דיר דינען, דו שיינקייט אדוני,
און זייערע מזבחות כ׳וועל אַלע צעשטערן;

און אומעטום וועל איך דײַן הייליקן נאָמען
צעטראָגן און לויבן און בענטשן, פּאַרערן.

און איך וועל מזבחות אין צווײַגן דיר בויען;
עס וועלן מיט ווײַרויך דיך וויגן כּהנים.
יהוה, ביסטו עס, די פּרוי פון די פרויען? —
איך פאַל פאַרן ליכט פון דײַן אייביקן פּנים.

זי פאַלט מיטן פּנים אויף פּנים פון שפּיגל
און ווידער צעטאַנצן זיך שפּליטערן נאַסע,
און ווידער ווערט שימער מיט שימער פאַרזיגלט,
ווען ס׳הייבט אויף דעם שטערן עתליה אַ בלאַסע,

קוקט זי אַרײַן, נאָר דאָס ווײַב איז פאַרשוווּנדן;
בלויז ס׳וויגט זיך דער גאָרטן פון אונטן, פון אויבן.
און פּלוצעם אַ שטורעמווינט שפּילט זיך פונאַנדער,
און ס׳פלאַמען שוין ווידער צוויי בראַנדיקע אויגן.

אָט קומט ווער אַרויס מיט אַ וויכער צו שווימען,
אָט טויכט ווער אַרויס פון באַהאַלטענע וועגן;
עס כוואַליעט אַ באָרד מיט צעשויבערטער ווײַסקייט —
אָט קומט ער, אָט שפּרײַזט ער מיט גבורה אַנטקעגן.

צעפּאָכעט זײַן מאַנטל מיט פליגלען מיט שוואַרצע,
די בליקן אין פײַער, אין שטורעם די ברעמען!
עס ציטערט די ערד אונטער באָרוועסע טריט אים;
אָט טוט ער די הענט מיט אַ קללה צענעמען:

— פאַרשאָלטן ביסטו אויף אייביק, עתליה;
אַ קללה דעם ווײַב, אַ קללה דעם זאָמען
וואָס האָט דיך פאַרזייט, וואָס האָט דיך געבוירן;
אַ קללה דײַן זינדיקן לײַב און דײַן נאָמען;

ווײַל דו האָסט געלאַכט פון יהוהס כהנים,
און האָסט מײַן נבואה, מײַן אָטעם געשענדט,
ווײַל דו האָסט מײַן בונד מיט יהודה צעריסן
און בלוט פון מלכים דיר טריפט פון די הענט;

ווײַל דו האָסט פאַר בעלן מזבחות געררויכערט,
ווײַל דו האָסט אין זנות פון מײַן ריינקייט געלאַכט;
אַ קללה דעם ווײַב, וואָס האָט דיך געבוירן —
צו שטויב קער צוריק מיטן דור פון דײַן טראַכט!

קוקט זי אין שפּיגל, עתליה די בלאַסע —
צי האָט ווער געררופן, צי האָט זי געהערט?
עס ברענען צוויי אויגן אין קלעפּיקן וואַסער,
עס פלאַמען צוויי אויגן אַרויס פון דער ערד...

זי פאַלט מיטן פּנים און קוים וואָס זי מורמלט:
— ווער ביסטו, דו מאַן, מיטן סם אויפן מויל?
אָ, זאָג מיר דײַן נאָמען; ווי הייסט זי, דײַן גבורה,
וואָס קרישלט עתליהן, די מעכטיקע פרוי?

און אפשר ביסטו עס דאָס לײַב פון יהודה?
עס גליען דאָך וועלטן אין פלאַם פון דײַן בליק;
עס כמאַרען זיך הימלען דיר אונטער די ברעמען;
עס ציטערט די ערד אין שפּור פון דײַן טריט.

גרויס איז עתליה, די ליכטיקע מלכה;
און זי וועט דיר וואַשן די שטויביקע פיס,
און זי וועט צעקעמען דײַן ווינטיקע באָרד דיר;
די הויט פון עתליה איז צערטלעך און זיס.

גרויסער יהוה, עס תּפילהט עתליה,
דײַן קללה מיט ברכות פון לעבן פאַרבײַט.

איך וועל נאָך מזבחות און טעמפּלען דיר בויען
און דינען צו דיר מיטן ליד פון מײַן לײַב.

זי קוקט און זי שטאַרט, עתליה די מידע.
דער טעפּיך איז נאַס און איז קלעפּיק און רויט;
און ס'טריפט איר אַ רויטער שוים פון די גלידער
און בלוט רינט אַראָפּ פון איר ליכטיקער הויט.

און ס'גליטשן די האָר אַרום לײַב אירן אום זיך;
זײַ קריכן און קלעפּן ווי גיפטיקע שלאַנגען —
נאָר וווּ איז דער דינער ער זאָל איר אַצינדער
אויף נאַקעטן פיבער אַ מאַנטל דערלאַנגען?

צעהאַנגען איז שטילקייט אין איילבירטן־צווײַגן,
אין שאָטן־טליתים פאַרהילט די ציפּריסן;
אין ווינטיק צעהוידעטע בלעטער־גירלאַנדעס
פאַרלעשט זיך די זון אין פאַרנאַכטיקער גסיסה.

שטאַרט זי, עתליה — אַן אימה־סטאַטוע,
און ס'קלינגט אַזאַ טויבקייט צעהוידעט אין גאָרטן.
וווּ איז דאָס געזאַנג פון די ווײַרויך־כהנים?
און ווער האָט די פלייטן און צימבלען באַהאַלטן?

אָט וועט זי זיי רופן, און זאָלן זיי זינגען,
און זאָלן זיי פויקן און זאָלן זיי שפּילן!
דאָ איז עתליה, די מלכּה די מידע;
זאָל שאָטן צערינען אויף אירע באַפעלן.

וואָס שווײַגט איר, כהנים? צעציט אײַער ניגון
און ווײַרויך צעוויגט ביזן הימל און העכער! —
אָט רופט זי, אָט רופט זי... צי האָט זי גערופן?
— יהוה, יהוה! — ענטפערט דער עכאָ.

לויפט זי אין גאָרטן. די ערד וויגט זיך שיכור
און ס׳שרעקן מיט טיפקייט פאַרפלאָנטערטע שטעגן
און ס׳יאָגט זי אַ חייל פון בוימיקע שטאַמען,
און ס׳טרײַבט איר אַ בוימיקע מחנה אַנטקעגן.

און אין די האָר, די קודלעס צעקנוילטע,
קעמען זיך אײַן די צווײַגיקע פינגער
און צו די פיס אירע באָרוועסע קריכן
פון שאָטנס אַרויס פיל צעכפּלטע ציינגער.

און אונטער אַ יעדן שטאַם פון דער ווײַטן
לויערן שוואַרץ אָנגעהויפנטע שרעקן;
אָט קריכן זיי אַלע אַרויס פון די בלעטער;
אָט שלײַכט זיך שוין עמעץ דאָ אונטער איר רוקן.

— בעל און אשתורת, בעל און עשתורת! —
קייקלען אין שאָטנס זיך אום אירע רופן
און ס׳ענטפערט איר אָפּ: — יהוה, יהוה! —
דער עכאָ אַרויס פון די בוימיקע טיפן.

און ס׳קריכט שוין אַרויף די ערד אויף די קוסטעס;
ס׳פאַרשנײַדן זיך העלדזער פון טונקעלע שטעגן —
צווײַגן און בלעטער, בלעטער און צווײַגן;
פּיסקעס געשטרעקטע, צעפינגערטע נעגל.

און ווו איז פאַרשוווּנדן דער ליכטיקער פּאַלאַץ?
צי האָט אים די שוואַרצקייט פון שאָטן פאַרגאָסן?
ווו זײַנען די דינער? ווו זײַנען די מענער?
און ווער האָט דאָס ליכט פון דער פרייד אויסגעלאָשן?

און פּלוצעם צעציט זיך די טיפקייט די ווײַטע,
עס רײַסט אויף דעם חושך אַ שימער, אַ דינער,

אַט גרויט שוין אַ ליכט צווישן בוימיקע שטאַמען —
עס ליכטיקט אַ ווײַסקייט אין בלעטער־גאַרדינען.

אַ רחבותע ווײַסקייט צעגיסט זיך, קומט נענטער.
עס זעט שוין עתליה דאָרט מאַרמאָרנע שטעגן;
דוכט זיך, אַט באַלד וועט פון אונטער די בלעטער
די גאָלדענע פּאַווע איר קומען אַנטקעגן.

דער פּאַפּוגיי אירער וועט פון די חדרים
אַרויסקומען גרייט צו דער מלכה דער מידער
און פרעגן וועט ער: עתליה, איז שלום?
איז שלום צו דיר, דו ליכט פון יהודה?

אַט באַלד, אַט באַלד וועט אַ דינער אַנטקעגן
קומען צו לויפן, צו אײַלן, צו פליען.
נאָר ווער האָט דאָ אָנגעבראַכט זאַמדן־טומאַנען?
עס קנוילן אין לופטן זיך קולות וואָס בריען.

צי איז עס דער פּאַלאַץ, וואָס לויכט פון דער ווײַטן?
ער אָטעמט מיט שרעק אין דער שטילקייט פון שקיעה;
און אַט איז דער בוימיקער פאָרהאַנג צעריסן — — —
— — — — — — — — — — —
עס פלאַמט אינעם פורפור דער הר המוריה...

*

ווער האָט עס צעקנוילט הײַנט די זאַמדיקע וועגן,
די טרוקענע שליאַכן פון ירושלים?
וואָס שטײַגן די מחנות צום בית־המקדש?
פאַר וועמען אין מאַנטלען פאַרשטעקטע כלי־זיין?

וואָס רופן זיי אַלע: — זאָל לעבן יהואָש!
יהואָש דער מלך פון מלכות יהודה! —

וואָס פֿאַלן זיי צו צו דעם ווײַב פֿונעם גאָרטן?
וואָס שטויסן זיי איר אין די גלידער די מידע?

זי איז דאָך עתליה, עתליה די מלכּה,
דאָס ליכטיקע ווײַב פֿון ירושלים!
— איז שלום צו דיר, דו פֿאָלק פֿון יהודה?
אין פֿרידן אין אײַערע ברויזנדע רייען? —

אָט שטײַגט זי אַרויף. זי גייט נישט. זי שוועבט שוין;
עס טראָגט זי אַ כוואַליע אַ שוואַרצע, אַ האַרטע;
אָ, נייך, נישט צום לויבן שטײַגט זי אַצינדער,
נאָר טיפֿער צו פֿאַלן אויף שטיינער אויף קאַלטע.

אויף אײַז־קאַלטע שטיינער פֿון בית־המקדש
ליגט זי פֿון פֿײַנטלעכע הענט אויסגעשפּיגן,
און ווו איז דער טעפּיך מיט פֿוכיקער ווייכקייט,
אַז ס'זאָל זי דער פֿראָסט פֿון די שטיינער נישט קילן?

איבער עתליהן האָבן דעם הימל
טויזנט חלפֿים מיט בליצן צעשניטן;
בײַ פּנים — אַ מעסער, בײַם מעסער — אַ פּנים;
אַ רייף פֿון דער שינאה, און זי — אין דער מיטן.

און פּנים מיט פּנים זיך גיסן צוזאַמען,
און מעסער מיט מעסער פֿאַרקייטלען די בליצן;
די ערד איז נישט מער ווי איין פּנים פֿון שינאה —
דער הימל — אַ חלף, און זי — אין דער מיטן.

אָט פֿאַלט זי, עתליה, די ליכטיקע מלכּה,
מיט הענט צו דעם פּנים, מיט קאָפּ צו דעם מעסער:
— ביסטו עס, יהוה? ביסטו עס אלהים?
אָ, רחמים, איך רוף דיך; איך בעטל דיך: חסד.

אַ, רחמים, אלהים, עס בעט דיך עתליה;
ס'עס שנאָרעט די מלכה, דאָס אָרעמע ווײַב.
עס רופט דיך עתליה אין אַל דײַנע וועלטן,
עס חלשט עתליה צו דיר פונעם שטויב.

איך האָב דיך געזוכט אין אַ יעדערן שימער,
בײַ בעל און עשתורת געזוכט האָב איך דיך;
נאָר שדי, אלהים, אדוני, אל־רחמים,
איצט וויס איך, יהוה, אַז דו — דאָס בין איך.

לאָז מיך און כ'וועל מיט דײַן געטלעכן ציטער
צעהוידען די וועלטן אין אייביקער פרייד.
נאָר שענק מיר דאָס לעבן, נאָר גיב מיר דײַן אָטעם, —
קום וווינען מיט מיר אין מײַן ליכטיקן לײַב.

אַ מזבח דיר זײַן וועט מײַן זאַפטיקער בוזעם,
אַ תפילה דיר זײַן וועט מײַן פריידיק געזיכט;
דײַן טעמפּל וועל איך זײַן, אין מיר וועסטו וווינען;
דײַן שיינקייט וועט שכינהן אין שטראַל פון מײַן ליכט.

אין מיר ביסטו גרויס, אין מיר ביסטו אייביק,
אין מיר ביסטו טאָג און אין מיר ביסטו נאַכט,
אין מיר ביסטו ס'ליכט אין די בערג פון יהודה,
אין מיר איז דײַן רחבות פון פעלדער פאַרמאַכט.

כ'וועל אויפשטיין אין מאָרגנס גינגאָלדענע גרינע,
כ'וועל גיין אין פאַרנאַכטן צו באַרג און צו טאָל:
— פריד צו אײַך פליינען פון מלכות יהודה,
עתליה איז דאָ און יהוה איז דאָ!

יהוה זײַ גוט, יהוה, זײַ מעכטיק,
ניט אינעם מעסער און גיפטיקן לײַב.

זײַ מיר דער גאָט פֿון מײַן קוואַליקן לעבן
און זײַ ניִשט דער חלק פֿון אָרעמען טויט!

און ברענגסטו מיך אום, יהוה, אַצינגדער,
שטאַרבסטו מיט מיר אין דײַן גרויסקייט אַליין.
פֿאַרגייען מיט מיר איצט אַל דײַנע וועלטן;
ניִשט איך און ניִשט דו און ניִשט גאָרנישט וועט זײַן.

...ליגט זי, עתליה, אויף נאַקעטע שטיינער,
ווי זי וואָלט דורך זיי וועלן אַ תשובה דערהערן,
און ס'שפּרודלען איר קוואַלן פֿון אונטער די וויעס;
עתליה — אַ מאַרמאָר־פֿאָנטאַנע פֿון טרערן.

און נאַס ווערן שטיינער פֿון בית־המקדש.
אַ שפּיגל פֿון טרערן אויף מאַרמאָר פֿאַרצויגן —
נאָר פּלוצעם צעבלאָזט אים אַ וויכער אַ ווילדער
און ס'צינדן אין אים זיך צוויי בראַנדיקע אויגן.

אָט שטייט ווער פֿאַר איר אין צעפּלאַטערטער גרויסקייט,
ווי פֿליגלען צעשפּרייט זײַנע אָפֿענע הענט.
און ס'ציטערט די ערד אונטער באָרוועסע פֿיס אים,
און רויט איז זײַן באָרד ווי אַ פֿלאַקער צעברענט:

— עתליה, עתליה, דו זינדיקער שנאָרער,
וויין אויס דײַן נשמה, דו בעטלעריש ווײַב!
און וואַש מיט די טרערן די בלוטיקע שפּורן;
נאָר ריין וועט שוין סײַווי ניט ווערן דײַן לײַב.

פֿינצטער ביסטו, מכשפה, דו ווילדע,
דו האָסט אין דײַן פֿאַלן מײַן גרויסקייט דערקענט;
איך בין דיר איצט מוחל, און גרויס איז דײַן טאָג הײַנט —
יהוה האָט חסד אַ וואָרעם געשענקט.

איך בין דיר איצט מוחל און הײַנט ערשט געבוירן
איז שדי אין דיר און איז מיט דיר פֿאַראײנט,
נאָר שטאַרבן מוז שטאַרבן עתליה, די מלכּה,
נאָר שטאַרבן מוז שטאַרבן עתליה, נאָך הײַנט.

אין הונדערטער לײַבער, וואָס דו האָסט פֿאַרשניטן,
האָבן הונדערט יהוה־מזבחות געברענט;
צו קליין צי באַצאָלן איז דײַן אײנער יהוה —
איין ווײַבעריש לײַב און בלויז איין פֿאָר הענט.

טאָ הייב אויף דײַן אָרעם, דו פֿאָלק פֿון יהודה,
און ראַם אויס דאָס שלעכטס פֿון דײַן היימישן הויז;
און שאָלט אין די שופֿרות; יהוה איז אייביק!
עתליה, דו טראָג זיך פֿון דאַנען אַרויס!

פֿאַר דיר איז צו זויבער דער טויט אין בית־מקדש,
פֿאַר דיר איז גענוג אויך דײַן פֿערדישער שטאַל.
נאָר טרייסט דיר, עתליה, געלײַטערטע מלכּה;
יהוה איז דאָ איבעראַל.

וואָס האָט זי געפּרעפּלט, די מידע עתליה?
די שינאה איז זאַט שוין, דער חלף — ער ברענט,
און ערגעץ ווו פֿלאַמען שוין אײנזאַמע גערטנער,
און ערגעץ פֿאַרברעכן זיך בלומיקע הענט...

טויט ליגט דער טאָג אונטער מלכות יהודה,
געשאָכטן די זון אונטער ירושלים.
אויף מת פֿון יהוה אין ווײַט־ווײַטע הימלען
הייבן אָן פֿאַלן בײַנאַכטיקע שנייען...

# ביכער, דערשינען אין י.ל. פּרץ־פֿאַרלאַג אינעם יאָר 1963

| | |
|---|---|
| **אפרים אויערבאַך** | וואַך איז דער טאָפּ (לידער און פּאָעמעס) |
| **יוסף ארליך** | וואָלבראָם (יידיש־העברעיש) |
| **חיים בעז** | אונדזער דור מוז אָנטשיידן (עסייען, רעפּאָרטאַזשן, באַטראַכטונגען) |
| **י. גויכבערג** | מיט לייב און לעבן (לידער) |
| **י. גויכבערג** | מיט אַ שמייכל (לידער) |
| **יעקב גלאַטשטיין** | מיט מײַנע פֿאַרטאָג ביכער (עסייען) |
| **דוד גלילי־גלאַצער** | ביים קוואַל (לידער) |
| **מאַטעס דייטש** | יעקב גלאַטשטיין — דער ייד פֿון ליד (עסיי) |
| **יחיאל האָפֿער** | אַמאָל... (דערציילונגען) |
| **שלמה וואַרזאַגער** | זאַמד (ראָמאַן) |
| **שפרה ווערבער** | דמעתו של איציק (באַלאַדעס פֿאַר יוגנט) |
| **ישעיה זאַנדבערג** | דער שונא אין די מויערן (פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין בעלגיע) |
| **דניאל טשאַרני** | די וועלט איז קײַלעכדיק — מײַנע דאָקטוירים — טאָגבוך פֿון אָקופּירטן פּאַריז (בשותפות מיטן ציקאָ־פֿאַרלאַג) |
| **ל. כּאַנוקאָוו** | קריזיס (ראָמאַן) |
| **מאַני לייב** | שירים ובלדות — לידער און באַלאַדן (יידיש־העברעיש) |
| **מאַלאַשאַ מאַלי** | צוויי וועלטן (דערציילונגען) |
| **שמחה פּאָלאַקעוויטש** | טעג אָן ליכט |
| **משה פּולאַווער** | געווען איז אַ געטאָ (פֿון לאָדזשער געטאָ־לעבן) |
| **פּעטערזייל־בוך** | זיין לעבן — אָפּשאַצונגען און זכרונות |
| **יעקב פרידמאַן** | נפילים (דראַמאַטישע פּאָעמע) |
| **איטה קאַליש** | אַ רבישע היים אין אַמאָליקן פּוילן |
| **מאיר קוטשינסקי** | נוסח בראַזיל (דערציילונגען) |
| **יאָסל צוקער** | שריפֿטן (דערציילונגען) |
| **י. ראַפּאָפּאָרט** | מהות פֿון דיכטונג (עסייען, נאָטיצן, רעצענזיעס וועגן דיכטער און דיכטונג) |
| **ישעיהו שפּיגל** | די בריק (ישראל־נאָוועלן) |
| **ברוך שפּינאָזאַ** | עטיק (איבערגעזעצט: ש. ווינער) |

# ניי־דערשינענע ביכער

| | |
|---|---|
| **רחל אויערבאַך** | אין לאַנד ישראל |
| **יצחק פאַנער** | זון און שאָטן — ישראל־מאָטיוון |
| **י. זרבבל** | ביקור בברית המועצות |
| **פּאַפּיערניקאָוו יוסף** | פון צווייטן בראשית (לידער) |
| **יחיאל האָפער** | אַמאָל... |
| **ישראל קאַפּלאַן** | שליאַך און אומוועג (דערציילונגען) |
| **מ. גראָס־צימערמאַן** | אינטימער ווידעראַנאַנד (עסייען) |
| **יחיאל האָפער** | מיט יענעם און מיט זיך (ליטעראַרישע עסייען) |
| **„דער וועג" — זאַמלבוך** | צו די 70 יאָר פון משה מענאַכאָווסקי |
| **שרה האַמער־דזשאַקלין** | שטאָט און שטעטל (דערציילונגען) |
| **לייזער אייכענראַנד** | דאָס ברויט פון צער (לידער) |
| **הדסה רובין** | פון מענטש צו מענטש (לידער) |
| **משה יונגמאַן** | ווייסע טויערן (לידער) |
| **ראַשעל וועפּרינסקי** | די פּאַליטרע (לידער) |
| **ש. אפּטער** | די פּרייסינגערס (ראָמאַן) מיט ציק״אָ־פּאַרלאַג |
| **י. בעלעק** | סינטעז פון סאָציאַליזם און רעליגיע |
| **ש. שלום** | לידער און פּאָעמעס (איבערגעזעצט פון ח. באַרקאַן) |
| **ב. העלער** | נייע לידער |
| **אַנטאָלאָגיע** | אַ שפּיגל אויף אַ שטיין |
| **זאַמלבוך** | ליטע |
| **ב. וויינשטיין** | האָמעריאַדע (יידיש־העברעיש) |
| **ב. צ. גאָלדבערג** | יידן אין ראָטן־פאַרבאַנד |
| **ל. דאָמאַנקעוויטש** | ווערטער און ווערטן (עסייען) |
| **צבי אייזנמאַן** | מזלות (דערציילונגען) |
| **אהרן ברעזינסקי** | פּאַרטונקלטע הימלען (דערציילונגען) |
| **חיים וואַרזאַגער** | 60 טעג אין מדינת ישראל |
| **זאַמלבוך** | פערציק יאָר פּאַפּיערניקאָוו אין ארץ־ישראל |
| **ל. קוסמאַן** | צוויי דראַמעס |
| **שלמה ביקל** | שרייבער פון מיין דור (עסייען) |
| **ז. אברמוביץ** | בשירות התנועה (מיט ספרית פועלים) |
| **אַנטאָלאָגיע** | י. ל. פּרץ אין יידישן ליד — צונויפגעשטעלט פון נחמן מייזיל |